שער־בלאַט / אָריגי־
נאַל ליטאָגראַפֿיע / פֿון
הענריק בערלעווי.

# קאַרל גוצקאָוו

# אוּרִיאֵל אַקאָסטאַ

## טראַגעדיע אין פינף אַקטן

אידיש פון אַברהם מאָרעווסקי

פערלאַג „ברידער לעווין־עפשטיין און שותפים",
ווארשע תרפ"א

דעם ליכטיגען אָנדענק
פון מײַן אײנזאַם געשטאָרבענער
מוטער, עליה השלום,
איז געווידמעט די איבערזעצונג
פונ׳ם געליבטען ווערק.

א. מ.

ווילנע אַפּריל 1919.

# פון איבערזעצער.

אפילו ווען מיר וואָלטן געהאַט פֿאַרגעסן דעם פֿעסטן כּלל, אַז אַ הקדמה דאַרף זײַן קורץ, וואָלטן מיר זיך געמוזט אָפּהאַלטן פֿון אַ וועלכער עס איז לײַנגערער דרשה וועגן אונזער איבערזעצונג צוליב דער הקדמה פֿון „אוריאל אַקאָסטאַ׳ס" שאַפֿער, וועלכע מיר געפֿינען אין דער XVII אויפֿלאַגע פֿון דער טראַגעדיע.

די דבורים פֿון דער הקדמה שײַנען ווײַט אָפּגעשטאַנען צו זײַן פֿון דער רײַכער אינטואיציע פֿון׳ם ווערק.

משמעות, אַז מיר האָבן פֿאַר זיך אַן אײַזערנעם געזעץ: וועגן אייגענע אַרבעט ריידן—הייסט זיי על כּל פּנים שאָדן.

אָבער, נישט קוקנדיג אויף דעם אַלעם, מוזן מיר זיך דערלויבן צו באַלעסטיגן דעם לעזער, ריידנדיג נישט וועגן דער עצם איבערזעצונג, נאָר וועגן די אומגעהויערע שוועריקײַטן פֿון אונזער אויפֿגאַבע, וועלכע מוזן מינדערן אונזער שולד פֿאַר דער גרויסער צאָל חסרונות.

דער ערשטער מורא׳דיגער באַרג, וועלכן ס׳האָט זיך נישט געלאָזט אַריבערגיין גלאַט, איז די אָרטאָגראַפֿי׳ע. אַזוי ווי אונזער הויפּטזעכליכע, כּמעט איינציגע כּונה, איז געווען—געבן „אוריאל אקאָסטאַ" דער אידישער בינע (וואָרום לערנער׳ס „אַקאָסטאַ", וועלכער איז בשעתו געווען אַ „צדיק בדורותיו", קאָן פֿאַר גוצקאָוו׳ס ווערק נישט ווערן אַרויסגעגעבן); אַזוי ווי אַ בינע=ווערק דאַרף זײַן פּליסיג און פֿאָנעטיש = לײַכט; אַזוי ווי קײַן סיסטעם, ביי וועלכער זיך צו האַלטן, האָבן מיר ניט,— זיינען מיר בעווען געצוואונגען אַין כאָאָס פֿון אַלע עקזיסטירנדיגע אידישע אָרטאָ=

גראַפֿיעס זיך צו האַלטן בײַ דער סוביעקטיװ=נאַטירליכסטער — פשוט שרײַבן אַזוי, װי מיר ריידן.

דער בינע=דיאַלעקט געשאַפֿן װערן קען נישט אַנדערש, װי דורך פערזן און דורך יענע שױשפּילער, װעלכע װעלן זיי געהעריג באַהערשן און װעלן זײַן מסוגל צו געבן דעם צושױער פון אידישן טעאַטער=זאַל דאָס, װאָס עס פֿאַרמאָגט שױן לאַנג דער אידישער לעזער — מוזיקאַלישע קלאַנגען פֿון אַ פֿאָנעטיש=פֿאָלקאָמער פֿראַזע. אונזער טיפסטע איבערצײַגונג איז, אַז די אידישע בינע נױטיגט זיך בײַ הײַנ=טיגן טאָג קודם כל און שױן אין ריטמוס פֿון װאָרט און פֿון באַװעגונג.

מיר באַהױפּטן דערבײַ, אַז „אַקאָסטאַ“, װעלכער איז אָן שום טענות א גלענצנדיג טעאַטער=װערק און א זאַפֿטיג בילד פֿון אידישער=אַלטעג=ליכקײַט אין XVII יאָרהונדערט, — „אַקאָסטאַ“ מוז פֿאַרנעמען דעם אױבן=אָן אין מזרח פֿון טעאַטער=רעפּערטואַר: אין פֿערזנװערק.

אױב די אַנטװיקלונג פֿון דער בינע=שפּראַך װעט גײן האַסטיג פֿאָרױס, און די חסרונות פֿון אונזער אַרבעט װעלן דורכדעם מאַכן די גאַנצע איבערזעצונג אינגיכן פֿאַר אַן אַנאַכראָניזם, מוז „אַקאָסטאַ“ דאָך אָפּשפּילן זײַן ראָלע, זיך באַשליסנדיג צו זײַן אַ „קרבן“ אין פּראָצעס, װעלכן ער װיל אויף דער בינע אָנהייבן: מיט װײַסע פֿערזן שלייפֿן די בינע=שפּראַך.

אונזער צװײַטע הינדערניש איז די פֿאָלגענדיגע —

מיר מיינען, אַז אום צו געבן אַ מער, אָדער װייניגער באַגײַסטערטן טעקסט, אַרײַנהױכנדיג אין די רייד פֿון די פּערסאָנאַזשן נישט קײַן מעכאַנישע איבערזעצונג פֿון װערטער, נײַערט הײסע געפֿילונגס=אױסדרוקן,— צו דעם, מײנען מיר, האָט מען, איבערזעצנדיג „אַקאָסטאַ׳ן“ געדאַרפֿט בײַ זיך מוסירן די שױשפּילערישע עמאָציעס.

האָבנדיג געשפּילט די פּיעסע אויף רוסיש, זײנען מיר געװעזן געבונדן מיט׳ן רוסישן טעקסט, און זײַן װירקונג איז, פֿאַרשטייט זיך, געבליבן קענטיג אַפֿילו נאָך דעם, װי אונזער איבערזעצונג איז עטליכע

מאָל געוואָרן איבערגעאַרבעט וואָרט ביי וואָרט אין הסכּם מיט'ן אָריגינאַל. עטליכע ערטער זיינען געבליבן נענטער צום רוסישן (פּיאָטר ווייַנבערג'ס) טעקסט, ווי צום דייטשן. דאָס איז, אפֿשר, אַ גרויסער חסרון, אָבער מיט דעם מקח האָבן מיר דערוואָרבן יענע געוויסע מדרגה באַוועגליכקייט און בויגזאַמקייט פֿון דער שפּראַך, וועלכע האָבן זיך געקענט נעמען נאָר פֿון אַ לעבעדיגער עמאָציאָנאַלישקייט—אַ שוישפּילערישער.

דאָ האָבן מיר ווידער געאָפּפֿערט אַלע אַנדערע פֿאָדערונגען פֿון ליטעראַרישן מין פֿאַר אונזער ערשטער כּונה-·געבן אַ בינע=שטיק.

די דריטע שטערונג.

דער פֿינפֿפֿיסיגער יאַמבוס איז, שיינט אונז, אויסגעהאַלטן ביזן סוף.

אָבער ערטערוויַיז—הגם זעלטן—פֿאַלט ער אַריין אַזוי ווי אין אַנאַפּעסט, און דאָס האָט אונז ביי דרייזילבעדיגע ווערטער (וועלכע אויסמיידן איז ניט מיגלאַך) געשיינט פֿאַר אַ הינדערניש אַן אומפֿאַרמיידליכע. מיר טרייסטן זיך מיט דעם, וואָס אין דייטשן טעקסט געפֿינט זיך אויך די זעלביגע שטערונג.

אַ שטייגער אין דער פּראָזע:

„Der Wissenschaft in Amsterdam und was
„Mit Dankbarkeit zu rühmen unser Lehrer.

די זילבן: schaft, dam און keit שטערן דעם פֿערז, באַ= שאַפֿנדיג אין פֿינפֿפֿיסיגן יאַמבוס פֿון די פֿינף דרוק־זילבן צוויי (schaft און dam) אין ערשטן פֿערז און איינע אין צווייטן (keit)—קינסטליכע. אָבער אויסמיידן איז עס נישט מיגלאַך בשום אופֿן, ווי באַלד מען האָט צו טאָן מיט אַ דרייזילבעדיגן וואָרט.

דאָס זעלביגע איז אויך אין אונזער איבערזעצונג. למשל:

„דער שפּיל פֿון אייגנאַרטיגע פֿאַנטאַזיען".

„אַרט" און „גע" זיינען נישט קיין נאַטירליכע דרוק=זילבן, און דער פֿערז ווערט אַביסל ווי אַנאַפּעסטיש, אָבער קיין אויסוועג איז ניטאָ

די ריטמוס־קונסט פֿון שוישפּילער דאַרף עס אויסגלעטן, און די דאָזיגע אויפֿגאַבע האָט ער אין פּערזן־ראָלן, אָריגינעלע פּונקט אַזוי, ווי אין אַלע איבערזעצונגען ביז די קלאַסישע איינשליסליך.

* * *

אויסער די דערמאָנטע חסרונות זיינען, פֿאַרשטייט זיך, דאָ נאָך אַ סך באַהאַלטענע, וועלכע וועלן אין שיין פֿון דער עפֿנטליכקייט ווערן קלאָר און שרייעדיג.

אָבער, שלאָגנדיג זיך „על חטא“, וואַגן מיר צו מיינען, אַז אונזער באַשיידענע אַרבעט האָט פֿאָרט איין מעלה — אונז דוכט זיך, אַז די ווייסע פּערזן פֿון דער איבערזעצונג זיינען דאָך דער ליבער פֿינפֿפֿיסיגער יאַמבוס, וועלכער איז מסוגל אַרויסצורופֿן ביים אַקטיאָר דעם חשק צום איטאַליענער מאַנטל מיט'ן בערעט...

אונז דוכט זיך, אויסער דעם, אַז די פּערסאָנאַזשן פֿון אונזער איבערזעצונג, ריידנדיג מיט'ן יאַמבוס, זיינען נישט ווייניגער אידן, ווי גוצקאָוו'ס אַלטע באַקאַנטע העלדן פֿון אַמסטערדאַמער קהלה אין XVII יאָרהונדערט.

און אונז דוכט זיך, —

אַז „אוריאל אַקאָסטאַ“ וועט נישט נאָר מעגן, גאָר אויך קענען ווערן אויף דער אידישער בינע אַזאַ געוואונשטער גאַסט, ווי ער איז תמיד געוועזן און נאָך געבליבן ביז היינט אויף אַלע בינעס, וועלכע זיינען נישט אַוועק אין פֿאַלשע וועגן, האָבענדיג פֿאַרלאָרן דעם פּנים און תּוך פֿון שוישפּילער־קונסט.

די אידישע בינע נויטיגט זיך אין פערז און אין ריטמישער באַוועגונג —

זאָל „אַקאָסטאַ“ זיין דער סיגנאַל צו אַ מזל'דיגן אָנהייב!



# הקדמה.

נאָך דעם מחבר׳ס אַן ערציילונג: „דער סאַדוקייער פון אַמסטער־דאַם״, אָנגעשריבן אין הערבסט 1833־טן יאָר, אין 13 יאָר אַרום, בעת זײַן ווײלן פרילינג אין פּאַריז, ערשיינט די איבעראַרבעטונג אירע אין אַ דראַמע.

די אײַנדרוקן, וואָס ס׳האָט געמאַכט דאָס שפּילן פון ראַשעל, ליגיער, באָוואַלעט, פרעדעריק לעמעטר, האָבן באַשאַפן דעם טאָן און די אויפפאַסונג פון׳ם נײַעם ווערק.

פונדעסטוועגן דאַרף דערקלערט ווערן דער מערקווירדיגער פאַל, וואָס עס איז איבערזעצט געוואָרן הויפּטזעכליך אין ס׳לאַוויש־ראָמאַנישע שפּראַכן (אויסער רובין אין גאַלאַץ אויף העברייאיש, יאָזעפּזאָן אויף שוועדיש, אַפּולע אנדערע אויף אונגאַריש, באָהעמיש, פויליש, איטאליעניש, נעפּצער אויף פּראַנצויזיש), ניט מיט אויסערליכע פאָרמען, נאָר מיט׳ן אינהאַלט. דער דאָזיגער אינהאַלט האָט געגעבן א האַרמאָנישן אַקאָרד צו די קאַמפן פאר די גייסטיגע באפרייאונג פון יענע פעלקער. אַן ענגלישע איבערזעצונג איז אויסגעפּרובט געוואָרן נאָר אין אמעריקע. אין ענגלאנד איז נישטאָ קײַן באַוועגונג צו עמאַנציפּירן זיך פון גייסטיגע קייטן. די שיינע ליטעראַטור, וועלכע שטייט דאָרטן אונטערן קאָנטראָל פון אַ גובערנאַנטין, וואָלט איבערזעצט נאָר אזאַ דראַמע, וואו עס וואָלט געזיגט דער קרבן פ אַ ר דער אָרטאָדאָקסיע.

אין דײַטשלאנד איז „אוריאל אַקאָסטאַ״ געוואָרן א באַראָמעטער פון עפנטליכן מצב. פלעגט זיך די לאַגע בײַ דער קיר־

כערליכער רעאַקציע, פֿלעגט באַלד דערפֿון אַרויסקומען אַ פֿאַרבאָט אויף דער בינע; פֿלעגט זיך די סיסטעם בײַטן, פֿלעגט מען „אוריאל אַקאָסטאַ" לאָזן פֿרײַ. אין עסטרײַך איז געווען כאַראַקטעריסטיש, אַז אַ לײַנגערע צײַט דערלאָזן דאָס שטיק פֿלעגט מען אין די פּראָווינצן. אין בורג=טעאַטער איז אַ לאַנגע צײַט געשטאַנען אין וועג דער קאָנ= קאָרדאַט. אויף אַ סך פון אונזערע קלײנע דײַטשע הויפבינעס האָט מען די אויפפֿירונג פֿון „יודנשטיק" נישט געוואָלט אַנטגילטיג דערלאָזן. צום גליק זיינען די אינטערעסן פֿון שוישפּילער נאָך מיט יאָרן צוריק געלעגן אין אַ קאָנפֿליקט און געהײמען קאַמף מיט אַלע אזוינע באַדינ- גונגען פֿון אונזער בינע. די קריטיק פֿון יוליאַן שמידט, וועלכע האָט פֿון אָנהויב 50-טע יאָרן אראָפּגעריסן אלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו מײַן נאָמען, און וועלכע האָט מיט דער צײַט זיך דערוואָרבן ערטערוויַיז א נאָמען בײַ ליטעראַטור=געשיכטעס און פֿעליעטאָנען — אַ דאנק דעם עפּעקט, וואָס אַ פֿעסטער בטחון מאכט, — די דאָזיגע קריטיק דאַרף מיך באַרעכטיגן אויף פאָלגענדיגע זעלבסבאַשיצונג.

„אוריאל אקאָסטאַ" איז נישט קײַן וואַקלענדיגער, כאַראַקטער= לאָזער העלד, ווי מען נעמט געוויינליך אָן, נאָר אַבסאָלוט פֿאַרקערט. וואָרום וואָלט זיך דען אַקאָסטאַ נעמען דאָס לעבן, אז ער וואָלט נישט געזעהן די קאָנזעקווענץ אַלײן, נישט קוקנדיג אויף די כלומרשט'דיגע שוואַכקייט פֿון זײַן אויסגעהאַלטנקייט? אַ זיך באהערשנדיגע, שטאַרקע נשמה קלײַבט זיך דאָ שוין פֿון אָנהייב אָן אַרויסצורײַסן פֿון די אָרעמס פֿון דער ליבע און בלײַבט אויפֿן פלאץ פֿון די קאָנפֿליקטן, וועלכע ס'איז צו זען פֿאָרויס דערפֿאַר, וואָס די קהלה פֿאַרפֿירט דעם פראָצעס קעגן אים. פֿאַר אַ אידן רופֿט זיך אקאָסטאַ אָן, בעת ער קאָן, אַלס אַ קריסט, פטור ווערן פֿון די פאַרפֿאָלגונגען ארום אים. נאָר די טיפֿסטע, די זיטליך באַרעכטיגטע מיטלייד צו דער זאך פֿון גלות = פֿאָלק שאָקלט אײַן זײַן פֿעסטקייט, און דער דאָזיגער גענגדרוק פֿון זײַנע איבער- צײַגונגען האָט — דוכט זיך אונז — מיט זײַן געשיכטליכער באַדײַטונג

אַזאַ מין געוויכט אין דער נשמה, וועלכע מוז זיין פֿערשטענדליך יעדן אידן אויף אַווי ווײַט, ווי אים קלינגען די ווערטער: „דאָס ווערן פֿונ׳ם פֿאָלק ביי אונז איז די פֿאַמיליע". ס׳איז א רכילה, אַ נאָכלויפֿן נאָך שאָטנס, בעת מען געפֿינט די מאָטיוון פֿון אַקאָסטאַ׳ס תשובה אין זיין „שוואַכקייט פֿון כאַראַקטער". די שולד, וועלכע אַקאָסטאַ וואַרפֿט אויף זיך אַרויף, איז נישט קיין אומאיידעלע. די וויגעשרייען פֿון פֿאַרשקלאַפֿטן פֿאָלק בינדן זיינע כוחות. די בלינדע אויגן פֿון זיין מוטער; די געשעפֿטליכע צושטערונג פֿון די ברידער; דאָס זעלבסטאָפֿערן, דער ווייטאָג פֿון יהודית׳ס ליבע; די אידעלע געדולד פֿון מנשה׳ן, וועלכער שיצט אים—דאָס אַלץ זיינען באמת נישט קיין איינצלנע מאָטיוון פֿון צופֿעליקייט, נאָר עס שטייט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַלגעמיינעם, וואָס הייבט אויף דעם העלד—ערשטנס, אויף אַ הויכקייט פֿון אָביעקטיווער היסטאָרישער זיטליכקייט דורך זיין תשובה און, צווייטנס, אויף די הויכקייט פֿון יענע אַלגעמיינע מענשליכע געזעצן, וועלכע האָבן אין דער געשיכטע פֿון אַלע קאַמפֿן פֿאַר דער איבערצייגונג זייער אָפֿט געשטערט די קאָנזעקווענץ פֿון טיטאַנישע מוטן און דערביי, ליידער, געמוזט אַרויסרופֿן מיטלייד צו זיי. אויב נאָר די פֿיגורן פֿון סילוואַ, מנשה, יהודית, פֿון דער בלינדער אסתּר און פֿון אוריאל׳ס ברידער זאָלן ביי די אויספֿירער אַרויסקומען ניט קיין מאַריאָנעטן, נייערט באַזעלטע, באַגייסטערטע אידן, וועלכע האָבן זיכטבאַרע איבערצייגונגען, — אויב דאָס זאָל זיין בולט, מוז מען זען, אַז אוריאל וואָלט אין זיין תשובה קענען מודה זיין, אַז 2x2=5; און דער בליק אויפֿ׳ן געניוס, וועלכער אָטעמט מיט די שווערסטע זיפֿצן אונטערן געזעץ פֿון דרך ארץ און דרוק פֿון פֿאָראורטיילן—דאָס מוז אַרויסרופֿן יענע ווירקונג, וועלכע קען דערגרייכט ווערן נאָר דורך דער טראַגישער מוזע. דאָס, וואָס צום סוף וויקלט זיך די אָנגעצויגענע קייט פֿונאַנדער מיט אַ שטורמישער גיכקייט: די מוטער איז טויט; יהודית פֿון איר זייט האָט צוליב איר פֿאָטער נעבראַכט דעם זעלביגן קרבן, וועלכן זי האָט געפֿאָדערט פֿון אוריאַל׳ן,

מאַכֿנדיִג געגן איִם גיִלטיִג דאָס, וואָס האָט איִצט אײַנגעבראָכן איִר אֲײגענעם וויִלן--דיִ זעלביִגע גרויסע אַלגעמײַנע געזעצן פֿון פֿאָלק און פֿון זײַן גורל—דאָס, וואָס אוריאל ציִט דאָ זײַן תשובה צוריִק, און צוליִבֿ דעם בראָך איִן זײַן אייגענער נשמה נעמט ער זיִך דאָס לעבן — דאָס מאַכֿט איִם גראָד פֿאַרן העלד פֿון דער קאָנזעקווענץ. זײַן טויט קאָן און מוז איִבערלאָזן נאָר אָט דיִ ווירקונג: מאַרטיִרונג פֿון אַן אידעאַלער אנשויאונג אויפֿ'ס לעבן האָט איִן זיִך מער לײַדן און נסיונות, וויִ עס שטעלט זיִך פֿאָר דער, וואָס רעדט וועגן קאָנזעקווענץ אויף דער זאָפּע. פֿאַרלאַנגט עפּעס גרויסעס איִן דער וועלט אפֿילו אײַן מאָל! איִר וועט באַלד געפֿיִנען, אַז דיִ טרײַקײַט צו איִבערצײַגונגען איִן גרויסן זיִן אַנטהאַלט אַזוינע פֿאַזן, וועלכֿע זיינען ניִשט ענליִך צו דער קאָנזעקווענץ פֿון אַ שטאַט=באַאַמטן. דאָס טראַגישע שלום=שליִסן מיִט'ן מאַרטיִרער פֿון זײַן איִדיִשקײַט; מיִט דיִ בלוטיִגע וואונדן פֿון פֿאַמיִליענפריִנציִפּ; מיִט דיִ בלוטיִגע וואונדן פֿאַר דיִ רעכֿט פֿון האַרצן און פֿון ליִבע איִן דיִ פֿראַגן פֿון נשמה אָדער—פֿון שנאה—דאָס דאָזיִגע שלום-שליִסן ווערט אַרויסגעזאָגט איִן דע=סיִלוואַ'ס לעצטע געדאַנקען. גאָט'ס גרויסער געזעץ איִן דער געשיִכטע שיינט צו זײַן ניִשט איִן דעם, וואָס מיִר נעמען אָן פֿאַרן אמת, נײַערט וויִ מיִר נעמען פּס אָן. איִן אָט דעם וויִ פֿון זײַן איִבערצײַגונגס-לעבן האָט אִקאָכטאַ, ניִשט קוקנדיִג אויף זײַן מפּלה, מנצח געווען. ס'איִז צו גרויסמוטיִג, אַז דער צושויער זאָל אָננעמען, אָנערקענען און חתמנ'ען אפֿילו אַײן אײַנציִגע פֿון דיִ טענות, וואָס אַקאָסטאַ שטעלט אַרויס (צ. ב. אַיִן 5=טן אַקט) קעגן זיך און זײַן כֿלומרשט'דיִגע ניִשט=אויסגעהאַלטנקײַט. אונזערע איִנגערע שוישפּיִלער גיִבן לײַדער אָפֿטער דיִ הויפּטראָל צו ווײַך, צו געלאַסן, צו רעפֿלעקטיִוו. שוין זײַן ערשטער אַרײַנגאַנג בײַ דע-סיִלוואַ'ן מוז באַווייזן, אַז אוריאל'ס געלאַסנקײַט איִן האַלטונג איִז אַן אויסערליִכֿע; זײַן רואיגקײַט איִז ניִשט מער, וויִ אַ מאָמענטאַלע באַהערשונג פֿון אַ זייער איִן זיִך לײַדנשאַפֿטליִכֿן טעמפּעראַמענט.

ק. גוצקאָוו.

# פערזאָנען:

מנשה וואַן דער־סטראַטען, אַ רייכער סוחר אין אַמסטערדאַם

יהודית, זיין טאָכטער

בן־יוחאי, איר חתן

דע־סילוואַ, אַן אַרצט, איר פעטער

ר׳ בן־עקיבָא,

אוריאל אַקאָסטאַ

אסתר, זיין מוטער

ראובן }<br>יואל } זיינע ברידער

ברוך שפינאָזאַ, אַ יינגל

דע־סאַנטאָס }<br>וואַן־דער־עמבדען } רבנים

אַ שמש אין בית־מדרש

שמעון, משרת ביי מנשה׳ן

סילוואַ׳ס משרת

שמשים, געסט, עולם

אָרט פון האַנדלונג: אין און נעבן אַמסטערדאַם.

צייט: 1640

# ערשטער אקט

דע-סילוואַ'ס ביבליאָטעק-צימער. פאַרנאַכט.

## ערשטער אויפטריט

### דע-סילוואַ, בן-יוחאי

סילוואַ

(עפענענדיג די הינטער-טיר און ארײַנלאָזנדיג יוחאי'ן)

איר מײַנט, איר וועט שוין ווידער פון מיין האַנט
פאַרשווינדן? כ'וועל נישט לאָזן: זיינט איר שוין —
מײַן שוועל אַריבער, מוזט איר שוין דאָ בלײַבן...
נישט נעמט פאַר אומגוט, וואָס כ'האָב אײַך געלאָזן
וואַרטן: אײַך איז דאָך געוויס באַקאַנט,
ווי שווער עס איז צו זײַן אַן אַרצט.

(אראָפּנעמענדיג בײַ די ווערטער זײַן-הוט, דערלאַנגט ער בן-יוחאי'ן די האַנט)

שלום
עליכם! איר זײַנט ווידער שוין מיט אונז
אין אַמסטערדאַם.

יוחאי

עליכם שלום!

סילוואַ

אָבער
האָט איר זיך פאַרענדערט! גאָר נישט דער,
וואָס איז פון אונז פאַר צוויי יאָרן אַוועק!
ווי גיך איר זיינט געוואָרן צײַטיג אונטער

פרעמדער זון! איך האָב דאָך דאָ אַליין
געקושט אַ קינד אין שטערן, גאָר אָן קנייטשן,
זאָרגלאָז, צאַרט און מילד, און איצטער שטייט
פֿאַר מיר אַ מענש מיט דאגות אין געשטאַלט —
האָט אייך דאָס נייע פֿאָטערלאַנד נישט גוט
געטראָפֿן, בן־יוחאי?

יוחאי

פֿאַרקערט! איך האָב
געפֿונען אַמסטערדאַם אַזוי, ווי איך
האָב אים פֿאַרלאָזט. פֿון בירגערשאַפֿט דער גייסט,
דער פֿרייער האָט זיך דאָ פֿאַרשטאַרקט ביז גאָר.
פֿון אַלע ליידן, וואָס ער האָט פֿון שפּאַניען
אויסגעטראָגן, האָט ער זיך אין מסחר
אָפּגערוט אינגאַנצן. אויסער דעם,
ביי זיינע אוצרות אַלע, ביי דער פֿרייהייט,
וועלכע ער האָט זיך אַליין דערוואָרבן
מיט זיין האַנט, אָן פֿרעמדער הילף, באַהאַנדלט
ער אַזוי מיט ברידערליכער ליבע
און מיט צאַרטקייט אונז, בני ישראל.

סילווא

די האַנדלשאַפֿט זוכט געלט, און דאָס האָט אונזער
פֿאָלק באַהאַלטן פֿון די בייזע אויגן
הערמאַנדאַד׳ס, אַז מיר זיינען פֿון שפּאַניען
און פֿון פּאָרטוגאַל געלאָפֿן. אויב
איר ווילט אין דעם אַריינדרינגען אַ ביסל
טיפֿער, וועט איר לייכט פֿאַרשטיין, אַז דאָ
איז מען צו אונז אַזוי גוט אויפֿגעלייגט,
ווייל ס׳איז פֿאַראַן דערצו צוויי סבות... לאַכט,
יוחאי, יאָ, יאָ... דע־סילווא וויל נאָך אַלץ

אין וויסנשאַפֿט פֿאַרוואַנדלען, וואָס ער דאַרף
פֿאַרשטיין.

יוחאי

דערלאַנגענדיג דע־סילוואַ'ן מיט אַ געניוויטער חניפה זײַן האַנט

איך זע אין דעם קיין ענדערונג
נישט אויך... דער רופֿא סילוואַ, וועלכער קען
אַזוי גוט אַלץ, וואָס צו נאַטור געהערט;
וואָס איז אין אַמסטערדאַם פֿון וויסנשאַפֿט
דער פּראַכֿט און איז אונז אַלעמען אַ לערער. —
סילוואַ האָט ביז איצט זײַן „ערשטנס", „צווייטנס"
נישט פֿאַרגעסן.

סילוואַ

ווײַל איז דעם, וואָס קען
פֿאַרשטיין דעם טיפֿן זין פֿון אַ סיסטעם.
איך האַלט, אַז אַריסטאָטעל איז געווען
געלערנט. ער'ט אויך...

יוחאי

איר האָט דאָך וואָס געוואָלט
מיר זאָגן וועגן אידן.

סילוואַ

יאָ! גאַנץ ווײַל.
איז, על כּן, מיין איך, אַז אין האָלאַנד לאָזט מען
אונז צופֿרידן און מען יאָגט אונז נישט,
ווי אויף דעם רהיין און דאָניי און אין שפּאַניען,
ווײַל ס'איז דאָ דערויף, ווי ווײַט איך קען
פֿאַרשטיין, צוויי סבות: ערשטנס, מוז אַ פֿאָלק,
ווי הי, וואָס שעצט תּנך און שעפּט פֿון אים

זײַן גלויבן, ווי פֿון ערשטן קוואַל, אונז אויך
פֿאַרשטײן און אַלטן טיף, ווי די, וואָס האָבן
שוין אַמאָל, אין צײַט פֿון געצנדינסט,
בעגלויבט אין גאָט און פֿעסט געהיט דעם שײַן
פֿון רײנעם גלויבן,— אונז, וואָס שפּראָצן דאָך
אַרויס פֿון יענעם שטאַם, פֿון װעלכן זײער
רעטער שטאַמט אלײן... און, צווייטנס, שיצט
אונז נאָך דאָס בלוט, וואָס האָט דעם חרות דאָ
געבראַכט, אין יונגער האָלאַנד׳ס רעפּובליק.
דאָס פֿאָלק, וואָס האָט אַלײן געפּילט אויף זיך
דעם שווערן יאָך פֿון שקלאַפֿערײַ, וועט דאָך
נישט נעמען יאָגן גאָר אומזיסט די ברידער,
וועלכע וואוינען צווישן אים אַצונד.
אַז האָלאַנד האָט פֿון קײטן זיך א שווערד
געשמידט, זאָל זי פֿון שווערד, מיט רום באַדעקט,
א קייט באַשאַפֿן פֿונדאַסנײַ פֿאַר די,
וואָס וואוינען דאָ בײַ איר,— דאָס וועט א פֿאָלק,
וואָס שעצט זײַן ווערט, נישט טאָן אויף קיין שום פֿאַל!
דאָס זײנען, ווי כ׳פֿאַרשטײ, די בײדע סבות.
איך בין זיכער, אַז מען איז אין אויסלאַנד
אײַך געוועזן מקנא, וואָס איר פֿאָרט
אַהער, אַהײם צוריק.

יוחאי

איך האָב אַלײן

זיך גלויבן נישט געוואָלט מײַן גרויסן גליק,
ווען איך האָב וועגן אַמסטערדאַם געקלערט
מיט אַ נשמה, פֿול מיט האָפֿענונג,
בין איך אַראָפּ די הויכע פֿרעמדע בערג,
און כל זמן איך בין אויף מײַן שיף אין ים

געשוואומען, האָב איך שוין גענומען...

סילווא

טראַכטן

וועגן די, וואָס וואַרט אויף אײַך ? איר האָט
געזען, ווי יהודית אַנטקעגן לויפט
און ווי זי פאַלט מיט צאַרטקייט אײַך אין אָרעם,
ווי איר יוגנט=פריינד און חתן ? זאָגט :
איר זיינט דאָך שוין געווען בײַ וואַנדערסטראַטן ?

יוחאי

דערלויבט מיר אָפרוען זיך.

ער זעצט זיך אנידער

סילווא

זאָגט—וואָס איז אײַך ?
עפּעס זעט איר אויס, ווי נישט אינגאַנצן.
האָט איר אויפ׳ן האַרצן עפּעס ? — רעדט !

יוחאי

דרײַ טעג האָט מיך מנשה פרײַנדליך, ווי
אַ גוטן גאַסט, אַ ליבער בעל=הבית,
בײַ זיך אין פּאַלאַץ אויפגענומען.

סילווא

נו,

און זי ? די כלה אײַערע ? זי׳ז דאָך
אין ווינקל פאַר אַ כלה אײַך באַשטימט
געווען. אַזוי האָבן די עלטערן
געוואָלט. די אַם פלעגט איר שוין זינגען לידלאַך
וועגן אייך. אין יוגנט איז זי אײַער
מלכה שוין געווען. וואָס פאַר אַ שיינע
בלום ! איך לויב זי דרייסט, הגם זי איז

מײַן שוועסטער׳ס טאָכטער.

יוחאי

נאָך די אַם, אין וויג...

דע=סילוואו װי מיר שײַנט, האָט יהודית
צעריסן אונזער בונד.

סילווא

וואָס רעדט איר?

יוחאי

לאָזט

אין קורצע ווערטער איך דערציילן דאָס,
וואָס כ׳האָב געזען. מנשה האָט מיך גוט
געטראָפן, אָנגערופן „זון" און האָט
געזאָגט, אַז יהודית איז מיר נאָך טרײַ...
נאָכדעם האָט ער געפּלױדערט וועגן אַלע
קונסטווערק זײַנע: וועגן פּרעכטיגע
בנינים; וועגן שיינע וואַסערפאַלן;
וועגן פּאַרק און וועגן מאַרמאָר; וועגן
בילדער און אַנטיקן, וואָס ער האָט
פאַר זיך באַשטעלט אין פלאָרענס און ווענעציע;
וועגן רובענסן, וואַן-דייקן; וועגן
בלומען; וועגן שאָטנס; וועגן הלכות
פון די קונסטן—איך איז דאָך באַקאַנט.
אַז ער איז אײַנגעוויינט צו שיטן אוצרות
אומעטום, וואו נאָר ער קערט זיך.

דע=סילווא

יאָ!

הגם גאַנץ אָפט באַקומט כ׳ר שטויב אָנשטאָט
זײַן גאָלד.

יוחאי

איר זאָגט וואָס?

סילוואַ

ניין, איך מיין, אַז זי

איז ווייניג ווערט זײַן גאַנצע קונסט.

יוחאי

די בערזע

מיינט עס אויך. נאָר זאָל ער זײַן געזונט.
מיר, וועלכער האָט געזען אין רוים, פּאַריז
און נאַפּל אַלץ, וואָס אים געלוסט זיך דאָ
אין אַמסטערדאַם פאַרפלאַנצן קינסטליך, — מיר
וואָלט אַלץ געווען ליב, אַז איך וואָלט זען
די קרוין פון זײַן פּאַלאַץ. און איך האָב זי
געזוכט... געפלאָגט פון בענקען און פון ליבע,
בין איך טעג אין גאָרטן אומגעוואַנדערט,
און נאָך צוויי, נאָך צוויי יאָר לאַנגן וואַרטן
האָב איך זי געפונען... נישט אַליין.

שטייט אויף

אין מושלגראָט, באַדעקט מיט ווילדע טרויבן,
דורך אין גרינס, זיצט נעבן איר א פרעמדער
מענש. אַ גרויסער פאַרמעטענער ספר
ליגט געעפנט אויפ'ן טיש פאַר זיי
און ביידע שווײַגן... איך בין צוגעגאַנגען
נענטער. יהודית האָט מיט אַזאַ
מין בליק אויף מיר אַ קוק געטאָן, ווי זי
וואָלט זען א גוי אין בית המקדש קומען...
נאָר, משמעות, האָט זי מיך דערקענט
גאַנץ גיך, און מיט א ליכט אין די אויגן,
מיט אַ מין פאַרבלאַסטן פנים האָט זי
מיר דערלאַנגט איר קאַלטע האַנט... מײַן מויל

האָט שטום געפּרעגט: ווער קען דער פּרעמדער זײַן?
יהודית האָט מיט שטאָלץ: „מײַן לערער!“
אויסגערופן און דערנאָך אַזוי
דערשלאָגן, טויב אַ זאָג געטאָן: „מײַן חתן“
ער'ט זיך בלאַסערהייט אַ הויב געטאָן
פון אָרט, איר לינקע האַנט אַרויסגעלאָזט
דערבײַ בײַ אים פון רעכטער און געבליבן,
ווי געליימט, און איך האָב זיך ערשט דאַן
דערמאָנט צו פרעגן ווי ער הייסט.

סילווא

מען רופט

אים אוריאל אַקאָסטאַ.

יוחאי

אַ! ס'איז נישט

קיין וואונדער, וואָס איר קענט אים גוט. די קאַלטע
רייד פון אַלע דינער, מנשה'ס פּנים —
אַלץ בײַ אים אין פּאַרק האָט מיר געזאָגט,
אַז אײַער יהודית איז מיר נישט טרײַ.

סילווא

איך בין, יוחאי, דערפון ערשטוינט ביז גאָר.
אודאי, אַלץ, וואָס איר האָט מיר דערציילט,
האָט אײַך זיך אַנדערש שײַנען נישט געקאָנט
פון ערשטן קוק. נאָר, גלויבט מיר, אַז איר האָט
אַ טעות, און איר קעלט צו אײַך איז נישט
קיין ליבע צו אַקאָסטאַ'ן. ווי דאָס אַלץ
האָט דאָ פּאַסירט, קען איך אײַך, ווי אַן עדות,
גאַנץ גענוי דערציילן. צײַט איר זײַנט

אוועקן אין אויסלאַנד, האָט זיך דאָ א יונגער
דענקער אויסגעצייכנט אומגעריכט...
הגם איך האַלט, אַז ער איז נאָר אַ מענש
מיט פיל פאַרנונפט און גייסט—קיין פאָרשער נישט.
מיר איז געפעלן ווי ער שרייבט, נאָר וואָס
ער שרייבט, געפינען איך נישט פאַר מאויל. זיין שפראַך,
זיין צונג פאַרמאָגט נאָך אַלץ ביז היינט דעם זיסן
ניגון פון אָפּאָרטאָ. נאָך ביז היינט
באַזיצט ער גוט אַזוי די פאָרטוגאַלער
שפראַך, ווי ער וואָלט נעכטן נאָך געווען
ביים טאָגאָ און געפליקט די טרויבן דאָרטן,
אין די זונבאַשפריצטע לענדער; נאָר
זיין האַרץ איז קאַלט צו אונז, צו אידן. ער
איז פרעמד צו דער פאַרגאַנגענהייט, צו אונזער.
כ'קען נישט זאָגן, ער האָט פיינט דאָס פאָלק,
נאָר פון בית-מדרש איז ער וויט ביז גאָר.
אַ האַלבער איד, אַ האַלבער קריסט, שוועבט אום
זיין גייסט אין לופטן אָן אַ גרונט און הייבט
אַ ספק אויפ'ן טראָן פון גלויבן אויף.
און מיט אַ צופאַל איז ער אין מנשה'ס
הויז אַריין און האָט זיין קינד פאַרבלענדט.
נאָר דאָ איז נישט קיין נעץ פון ליבע—ניין!
דער שכל זיינער האָט פאַרדרייט איר קאָפּ
אַזוי, אַז זי פאַרשטייט ניט מער, ווי זיך
און קוקט מיט גאוה אויף די גאַנצע וועלט,
פאַראַכטנדיג איר האַרץ אַזוי, ווי אַלץ.
איר נעמט זי, בן-יוחאי, ווי ס'לאָזט זיך איצט.
דערנאָך, אַז זי וועט ווידער אייערע
שוין זיין, וועט זי אָן ספק ווערן אַנדערש.

יוחאי

ליבע מיט התפעלות גייט ביי ווייבער
אלע מאל אין איינעם. מער התפעלות,
איז די ליבע שטארקער. איך וועל זיך
ניט שטעלן אונטער יענעמס שאטן, אויב
ס׳האט אים אפילו כבוד גרויס געמאכט.
מנשה איז א פוסטער, קליינער מענש,
און איר, דע=סילווא, זייט דער בעל דעה
אין משפחה. גייט אהין, רופט אויף
די פעטערס, מומעס,ברידער, אלע קרובים
שטעלט זיי פאר אקאסטא׳ן פאר אן איידים!

סילווא

איר ווייסט ניט וואס איר רעדט, מיין זון, אקאסטא
איז מייז שונא היינט.

יוחאי

א שונא? איינך?

סילווא

איך ווינש די שונאים מיינע נישט קיין ביין.
איך ווינש זיי עפטער גוטס, נאר איך זאל זיי
אליין באשאפן גליק און זאל זיי נאך
אין מיין משפחה פירן ניין, דאס ניט!
די טעג איז דא א גרויס א ווערק, אין וועלכער
אוריאל באמיט זיך צו פארניכטן
אלץ, וואס איך האב וויפיל מאל געשריבן
וועגן הלכות תורה און אמונה.
ער, מיין תלמיד, האמפערט זיך מיט מיר.

---

1 אקט I, אויכסריט 1.

מיט זײַן טראַקטאַט האָט ער צעריסן אַלץ,
וואָס אים פֿאַרבינדט מיט אונזער פֿאָלק, מיט אונזער
גלויבן און מיט מיר במילא.

## יוחאי

לאָמיר

ביידע גיין צוזאַמען, אויב אַזוי!
יהודית׳ן ליב איך הייס. דאָס האָב איך ערשט
נאָך מער דערפֿילט. דער וואָלקן אָבער, וועלכער
האָט זיך איצט פֿאַרוויקלט צווישן אונז,
מוז גיכער מײַדן. איך וועל דאָס ביי איר
נישט קומען בעטן. ווילט איר, סילאַ, מײַן
שליח זײַן, מוזט איר פֿאַרשטיין גאַנץ גוט,
אַז קיין מאָל וועט אַ שטאָלצע האַרץ פֿאַר זיך
ניט זײַן אַליין קיין דאָלמאַטש. ס׳איז שוין אויס
דער טאָג. איר זיינט דאָך מיד. ווי רוט איר אָפּ?

## סילווא

איר ווילט שוין גיין? וואַרט אויף. מיר ווילט זיך שטאַרק,
אַז איר זאָלט מיר דערווײַזן גאַנץ געניי
דעם חשד.

ער דערזעעט דעם משרת אין טיר

וואָס איז? א ווײַלע!

צום משרת

ווילסטו וואָס?

# צווייטער אויפטריט.

## משרת, די פריערדיגע, דערנאך אוריאל

### משרת

אַ תלמיד אייערער—איך קען אים לאַנג שוין—
וויל אייך עפּעס זאָגן; און אַזוי
ווי איר האָט אים, ווי וויים איך ווייס, געליבט,
האָב איך געבעטן וואַרטן—קומט אַריין.

ער גייט ארויס, ארייַנלאָזנדיג אוריאל'ן

### סילווא

אַקאָסטאַ?

### יוחאי

ער אַליין!

### אוריאל

איך שטער, דע=סילוואַ?

א פיינליכע פּויזע

### סילווא

אויב איר קומט צו סילוואַ'ן, ווי צום אַרצט,
ברוך הבא! דער אַרצט מוז אויך זיין שונא,
שטענדיג צפּענען די טיר.

### אוריאל

זיין שונא,
סילווא? צו מיין רבין קום איך. כ'האָב
געוואָלט זיך זעגענען מיט אים.

יוחאי.

און א זײַט

וואָס הער

איך? גאָר זיך זעג'נען?

סילווא

ווי'ל פאָרשטעלן יוחאי'ן

בן=יוחאי. זיינט איר
באַקאַנט?

אוריאל

מיר זיינען שוין באַקאַנט.

יוחאי

איך בין
ערשטוינט. איר זאָגט, מיר שיינט, איר פאָרט אַוועק?

אוריאל

אַהין, פונוואַן איר קומט, יוחאי, פאַר
איך מאָרגן אָפּ באַגינען. ס'ווילט זיך זען
די וועלט. מיר ווילט זיך זען ווי מענשן לעבן
דאָרטן, אין דער פרעמד. אַזוי ווי איך
האָב זיך געוואָלט געזעגענען מיט די,
וואָס איך האָב ליב געהאַט, בין איך
געקומען צו דע=סילוואַ'ן, און איך שטרעק
אים אויס מיין האַנט.

סילווא

שטויסט זי אָפּ

די האַנט, וואָס האָט די פרוכטן
פון מיין פליסיג אַרבעט אָקאָרשט, ווי
אַ נוצלאָזע רפואה, דורכגעשליידערט
דורכ'ן פענסטער.

אוריאל

סילוואַ! כ'האָב איך שוין

געזאָגט, אז נישט צום רופֿא, נאָר צום דענקער
בין איך צינד געקומען. אויב ס'איז קראַנק
ביי מיר דאָס דענקען, — ס'קען, פֿאַרשטייט זיך, זײַן, —
דאַרפֿט איר דאָך וויסן גוט, אַז פֿאַר אַ קראַנקן
גײַסט די איינציגע רפֿואה איז
די זעלבסטהילף נאָר אַליין.

## סילוואַ

ביי מײַנע פֿיס
זיינט איר, אַ קינד, געזעסן. וואָס עס הייסט
רעיונות, ט'איר בײַ מיר געלערנט. איצט
אין דעם טראַקטאַט, אין אײַערן, זיינט איר
אנטקעגן אײַער לערער אויפֿגעשטאַנען.

## אוריאל

איך בין טיף דערשטוינט. דע=סילוואַ, קען מען
דענקען לערנען? קענען זײַן תּלמידים
און רביים אין דער הויכער ספֿער
פֿון וויסנשאפֿט, וואו יעדער אונזער פּרינציפּ,
יעדער רעיון מוז געבאָרן זײַן
אין אונזער אייגענער נשמה, ווי
אַמאָל אין אַיאַקס בלוט די בלום. מיט
אַ ליכט פֿון דענקען האָב איך אידישע
דאָגמאַטיקע באַלויכטן — אָט דעם אַלטן
בנין, וואו ס'האָט ביז איצט פֿאַר אַ גרונט
געניצט אַ מישמאַש: פֿון השכּלה מיט
קבּלה, פֿון דער תּורה און פֿון עם
הארצות. איך האָב דאָס געטאָן, דע-סילוואַ,
ניט מיט אַ פֿאַרלאַנג דעם ריינעם אמת
צו געפֿינען, וועלכן אַלע זאָלן

פאַר אַן אמת האַלטן. נייך, דע-סילוואַ,
מער נישט מײַן ניט וויסן ט׳מיר געהייסן
ריידן; נאָר מײַן בלינדקײַט ט׳מיר געהייסן
קוקן; האָרכ׳ן ט׳מיר געהייסן נאָר
מײַן טויבקייט—מײַנע, מער נישט מײַנע: גוט
געדיינקט עס, סילוואַ! נאָר אין דעם קען אונז
אַ צווייטער ערנסט גלויבן, וואָס מיר גלויבן
טיף אַלײַן.

סילווא

אויף אײַער וואָרט וואָלט איך
אַ קריסט געוואָרן.

אוריאל

סילוואַ!

סילווא

יאָ! ליב גיט
זאָל מוחל זײַן דער אויבערשטער דעם אידן,
וועלכער שענדט אַזוי דעם אַלטן גלויבן
פון די אָבות. אַלע פײַנסטע לײַט
בײַ אונז האָט זײַער אויפגערעגט דאָס אַלץ,
וואָס איר אויף אונזער גלויבן שרײַבט. דאָס היליג
רעכט אויף ליבע און אויף אַכטונג האָט
דער בית=המדרש גלײַך מיט אַלע דאָגמען
זײַנע. דוקא איצט, בעת מיר זיינען
ערשט אַוועק פון טויט = רדיפות; איצט,
אַז אונזער הללויה קלינגט שוין ווידער
אין דער לופט, צום הימל פליענדיג
ווי קרבן=פלאַמען, — קען דאָס זײַן, אַז איצט
זאָל זיך די יונגע פרײַהײַט ווידמען דאָס
צו ברעכן אלץ, וואָס מיר האָבן געהאַלטן

דורות לאנג? וואָס איז אין טעג פון צרות
ביי דעם עם ישראל, ווי אַ פעלז
אין ברוסט ביי אים געלעגן אומגערירט,
אַ שטיצע אים אין עלנט און אין צער?
ניין! אויף קיין שום פאַל נישט! און אפילו,
אַז מיין שטאָלצער שכל וואָלט מיר זאָגן
מיט זיין גאַנצער זעלבסטצופרידנהייט:
„דאָס אַלץ איז פויל און טויט", וואָלט איך—דער בורא
איז מיין עדות—פעסט געבליבן; כ'וואָלט
מיין זיסן חלום נישט פאַריאָגט, אַזוי
ווי מען פאַריאָגט אין גליק נישט אַ משרת,
וועלכער האָט אין דחקות טריי געדינט.

## אוריאל

וואָס כ'שעץ אין אייך, איז אייער האַרץ, דע=סילוואַ.
ליבע ווערט אין אייך געבוירן האַסטיג,
שנאה—אויך. אפילו אייער טעות
שיינט אין אייך, באַגלאַנצט פון דער נשמה.
מיין טראַקטאַט, דע=סילוואַ, ווי איך זע,
האָט איר נישט מער, ווי דורכגעבלעטערט. לעזט
אים דורך און רעדט נישט איבער זאָן אַ גרונט,
וואָס אייערע הלאים פלאַפלען אייך.
אַ גוטער מיין האָט מיך אַהער געבראַכט:
זיך זעגענען... נאָר נישט מיט סילוואַ'ס כעס,
נישט מיט'ן פילאָזאָפ'ס שוואַכן שכל,
נישט מיט אייער דענקען, וואו קיין שיין
איז נישט צו זען, און וואו ס'איז טונקל—פינקט
אַזוי ווי איצט—נישט טאָג, נישט נאַכט... מיט אייער
גרויען קאָפ האָב איך זיך זעגענען
געוואָלט, דע-סילוואַ. זייט געזונט, איך פיל,

אַז מער וועל איך שוין אײַך נישט זען.

יוחאי

דערלויבט,

הגם איך בין מיט אײַער פֿרײַנדשאַפֿט נישט
באַערט, צו אײַך מיך ווענדן. קען איך אײַך
מיט וואָס עס איז נישט נוצליך זײַן אין וועג ?

אוריאל

צו ליבנסווירדיג !

יוחאי

זאָגט, איך בעט אײַך: אפֿשר
פֿאָרט איר אין פּאַריז ? אַ בריוו פֿון אונזער
פֿירמע פֿירט אײַך באַלד אַרײַן אין הויכע
טירן. לאָנדאָנ׳ס גרויס-וועלט אויך אַזוי.

אוריאל

אין דרום פֿאָר איך... מיגלאַך, אַז אין דײַטשלאַנד.
היידעלבערג איז אײַך באַקאַנט, מסתמא ?
איך וועל ערגעץ אויפֿזוכן אַ שטילן
טאָל, וואו איך זאָל קענען דיספּוט האַלטן
מיט די טײַכלאַך, בלומען, גרינע גרעזלאַך
און מיט פֿויגעלאַך פֿון וועלדער.

יוחאי

און א זײַט

איך

לעב אָפּ.

סילווא

נו, און יהודית ? זי לאָזט אײַך אָפּ ?

אוריאל

יהודית ? וואָס הייסט ?

סילוואָ

זי איז דאָך אײַך אַזוי
געהאַרבזאַם אין דער נײַער תּורה אײַער.

אוריאל

איר בלײַבט שוין די שול פֿון לעבן איבער.

דע-סילוואָ

יאָ! די בעסטע פּאַר אַ אשה. פֿרעגט
איר צוקונפֿטיגן מאַן: ער האָט אַודאי
אויך די זעלבע מיינונג.

אוריאל

ניין, יוהאַי!
דעם גביר פּאַסט אויף זיך לערנען האַסן רײַכטום!
לעשט אויס די ליכט, וואָס איר האָט אָנצינדן
געוואָלט אויף חתונה דער כּלה. איר
איז איבעריג דעם רײַכטומס פֿאַלשער גלאַנץ.
זי דאַרף קיין זילבער כּוסות נישט, קיין גאָלד.
בײַ אַלדעס גוטס אין פֿאָטערס שטוב האָט יהודית
דערקענט די פֿרייד פֿון וואוילטאָג און פֿון גוטס.
נאָר ווי צופֿרידנהײַט אין זיך אַליין
געפֿינען — דאָס האָב איך זי אויסגעלערנט.

זיך פֿארגעסנדיג

דאָך, אַז אײַך וואָלט זיך פֿאַרגלוסט פֿון גאָלד
פֿאַר איר אַ חופּה מאַכן; אַלע אוצרות
פֿון דער וועלט איר שאַפֿן; און אין גאָר
די צירונג אָנטאָן, — איז זי ווערט אָן צווייפֿל.
זי איז דאָ צו אונז אַראָפּ פֿון הימל;
פֿון דער ערד פֿאַרמאָגט זי נישט אַ האָר,
אַן אוצר איז זי, צווישן אונז באַהאַלטן,
זי'ז אַ מלאך, וואָס'ט זיך אים פֿאַרגלוסט

זײַן ליכטיקן געשטאַלט פֿאַר מענטשליך מאַכן.
נישט באַריִרט זי מיט דער האַנט, וואָס האָט
בײַם שענדליכן מעטאַל זיך ערשט געריבן!
בוקן זאָלט איר זיך צו איר און ווי
אַ געטליכקײַט באַהאַנדלען... גיכער, גיכער
לאָמיך ווײַטער... דער געדאַנק, וואָס איך
לאָז איבער דאָ בײַ אײַך, וועט מיר דעם אָפּשייד
מאַכן שווערער... גיכער, העלף מיר, גאָט!

וויל ניך אוועק

# דריטער אויפטריט

די הינטערשטע טיר עפנט זיך. צוויי שמשים, יעדער מיט אַ גרויסער ברענענדיגער ליכט, קומען צרײַן. דער רב סאַנטאָס מיט אַ ספר אין האַנט. די פֿריערדיגע.

סאַנטאָס

און אַ זײַט

אַקאָסטאַ?

סילוואַ

און אַ זײַט

סאַנטאָס?

יוחאַי

און אַ זײַט

וואָס איז דאָס — דער רב?

סאַנטאָס

פֿאַרבלײַבט, אַקאָסטאַ, דאָ מיט אונז אַ ווײַלע
און הערט אויס די סליחות, וואָס האָט מיך
געבראַכט צו סילוואַ'ן?

סילוואַ

סליחות, רבי, ליכט?

### סאנטאס

איר זײַנט נשתּומם, סילוואַ, ס'איז נישט נאַכט,
און ס'ברענען ליכט? זײַט װיסן, אַז די ליכט
בײַם שײַן פֿון טאָג, דאָס איז אַקאָסטאַ'ס שטאָלצער
מאַרך, װאָס װיל זײַן העלער, װי די שכינה.

### אוריאל

ליכטלאַך שײַנען אײַך, װי גאָטעס זון?
אויף װאָס האָב איך צו װאַרטן דאָ?

### סאנטאס

דאָס בוך,

דע־סילוואַ, שיקט די סינאַגאָגע אײַך,
דעם טיפן קענער סײַ פֿון גלויבן, סײַ
פֿון אַלע זײַנע קװאַלן. דאָס בוך זאָלט איר
— אַזוי בעט אײַך דורך מיר די סינאַגאָגע —
אונטערזוכן כדבעי, דערבײַ
באַטראַכטן אַלץ נישט פֿון פֿילאָזאָפֿ'ס פּונקט —
ניין: איר זאָלט מער נישט זען, אויב דאָ איז אַלץ
מיט אידישקײַט אין שלום, און אויב דער,
װאָס האָט געװאַגט אַזאַ מין בוך צו שרײַבן,
מעג זיך האַלטן פֿאַר אַ אידן, נאָך
זײַן לעצטער שעה אַויף עולם הבא װאַרטן?

### סילווא

פֿאָלגן אײַך איז שוין פֿאַר מיר אַ כּבֿוד,
אײַער כּבֿוד איז פֿאַר מיר אַ גדולה.

### סאנטאס

אויב די ליכט איז דעם מחבר'ס גײַסט,
װיל װיסן אונזער בית דין, אויב ער קען

דערלאָזן, אַז מיט זײַן ניט ריינעם שײַן
זאָל זײַן פֿאַרמישט דער ים פֿון הייליגע
נשמות צווישן אידן אין דער קהלה?
נעמט דאָס בוך! די בית דין ווילן צײַט
אַ וואָך באַקומען דעם באַשלוס פֿון אײַך.
און איצטער בעט איך אײַך — אַ שטר קבלה.

סילווא נעמט דאָס בוך, עפנט עס אויף אַ ן דערשרעקט זיך, זעענדיג אַז ס'איז אוריאל'ס כתב יד

## אוריאל

וואָס, דע=סילוואַ? זאָגט דעם אמת: אײַער
בלינדער פֿאַנאַטיזמוס מיינט דאָס ליכט
פֿון מײַן נשמה אויסצולעשן?

## סילווא

דער
באַשולדיגטער זײַנט איר עס, אוריאל...

## סאנטאס

איך הער אַ קול פֿון ליבע און רחמנות?
סילוואַ! אײַך דאַרף זײַן דאָס בוך נישט מערער,
ווי אַ בוך: דעם אויטאָר קענט איר נישט.

## סילווא

דאָ איז דער שטר קבלה, רבי. קומט,
די טרויערדיגע מיסיע נעם איך אָן.
אַקאָסטאַ! אימה פֿאַלט אויף אונז אַרויף,
צו גאָט גיט אָפּ די שליסלען פֿונ'ם מזל —
נישט יענעמס מזל, אונזערן אַליין —
צו אונז אין האַנט און מאַכט פֿון אונז אַליין.

די הערשער פון דער אייגענער הצלחה
און פון אומגליק... ווי איז דעם, באַטראַכט עס,
אויפן האַרצן, ווער עס האַלט אין האַנט
דעם צווייטנס מזל; וועמען גאָט האָט
פאַר דעם צווייטנס גליק פאַראַנטוואָרטליך
געמאַכט? כ׳באַדויער זייער שטאַרק, אַקאָסטאַ,
וואָס איך אַנערקען באַרוף פון אויבן,
דעם אצבע אלהים געפין איך אָפּט
אין דעם, וואָס די בני אָדם הייסן מיר.
דאָס בוך האָט מיר געשיקט מײַן פאָלק. איך וועל עס
על פּי תורה און הלכה פאָרשן.

גייט אַריין אין די אינעווייניגסטע צימערן. סצענטאָס און די שמשים נאָך אים

## יוחאי

איך זע, איר זײַנט צוטראָגן, אוריאל?
וואָס אַרט עס אײַך אַזוי? ווי באַלד איר האָט
באַשלאָסן פאָרן, זאָל זײַן וואָס עס וויל!
אַז נײַע מענשן, נײַע פליכטן וועלן
אײַך אין זייער קרײַז באַהאַלטן, אײַער
דאגה, וואָס רבנים וועלן ריידן!
זײַט געזונט! האָט גליק אין דער נסיעה!

## אוריאל

צום אין דרויסן

דו מיינסט, אַז איצט אויך, דיר צוליב, וועל איך
אין ווײַטע לענדער לויפן? מיינסט, אַז אויב
כ׳האָב מוטלאָזיג באַשלאָסן צו באַפרײַען
יהודית׳ס האַרץ און מײַנס פון שווערן קאַמף,
וועל איך פון שלאַכט אַנטלויפן איצט אַלס דענקער?

ניין, יוחאַי, האָסטו אַ טעות! ווער
עס וויל נאָר קעמפן פאַרן אמת, דער
וועט אין דעם קראַנץ פון אמת מיט די פיס
ניט טרעטן זיין שענסטן שטראַל, דעם פלאַם פון קאַמף,
וואָס ס'וועקט דער אמת. איצט אַנטלויפן — ניין!
איך בלייב, אַפילו אַז מיין האַרץ זאָל פּלאַצן.

אַס

דער פאָרהאַנג פאַלט.



# צווייטער אקט

מנשה'ס גאָרטן אין זיין ווילע. אין הינטערגרונט אַ טעראַסע, באַדעקט מיט טעפּיכער. צו איר פירן עטליכע טרעפּלאַך.

## ערשטער אויפטריט

מנשה מיט אַ צעטל אין האַנט און לייענענדיג. שמעון

### מנשה

עס קען נישט זיין. דע-סילווא, בן-יוחאי,
דע-קאַסטראָ, וואַן-דער-עמבען... דאָס איז אַלץ
אַזוי, ווי ס'דאַרף זיין, אָבער דער, דער נאָמען!

### שמעון

אים האָט איינער טאָכטער מיט איר האַנט
פאַרשריבן.

### מנשה

נישט צו גלויבן! ווייס זי נישט,
וואָס אים שטייט פאָר?

### שמעון

זי גייט. פרעגט איר אַליין.
אָפּ

## צווייטער אויפטריט

### מנשה, יהודית

### יהודית

מיין פאָטער! זייט באַגריסט. אַ צייט האָט איר

דאָס מאָל געלאָזן מיך אַליין. שוין לאַנג
האָט איר באַדאַרפט אַראָפּוויישן דעם שטויב
פון אַמסטערדאַמער בערזע.

מנשה

דאָ, ביי דיר,
באַגריסן מיך די דאַגות אויך געגוג!

יהודית

האָב איך דען שבת נישט אַזוי געמאַכט,
ווי איר האָט ליב? האָב איך די ליבסטע געסט
צום טיש נישט איינגעלאַדן היינט?

מנשה

ווי האָסטו
זיך דערלויבט אַקאָסטאַ'ן רופן?

יהודית

ער
איז דאָך אַ גאַנצע וואָך שוין נישט געווען.

מנשה

איך האָב דאָך דיר געשריבן שוין, אַז אים
שטייט פאָר אַ חרם באַלד.

יהודית

דערפאַר האָב איך
אים היינט צו אונז גערופן.

מנשה

בעת פון אים
אַנטלויפן אַלע?

יהודית

איך דאָך אָבער זוך אים!

מנשה

כ'האָף, ער וועט נישט קומען אונ'ט פאַרשטיין,
אַז אויב די העפליכקייט האָט דיך געצוואונגען
אים צו רופן, דאַרף ער אויך זיין העפליך
און נישט קומען.

יהודית

צייט ווי לאַנג איז דאָס
מנשה וואַנדערסטראַטען פרום? ווי לאַנג
איז דאָס דער פריינד פון רובענס און פון וואַן=דיק
דעם בית מדרש האַרציג טריי? נביאים

ווייזט אויף די סטאַטויען

וואָלטן דאָ אין פּאַרק אַ סך געפונען,
וואָס ניט רעכט איז, ווי עבודה זרה...
ס'גלויבט זיך נישט, אַז איר זאָלט נישט קיין מוט
ביי זיך געפינען — שיצן מענשן, ווי
די שטיינער און די מאַרמאָר-בילדער.

מנשה

כ'האָב
אַ נאָמען ווי אַ מענש, וואָס דענקט גאַנץ פריי.
כ'בין שטאָלץ דערמיט, וואָס אין דעם טאָג פון מלקות
קלאַפּן האָט נאָך קיינער נישט געזען,
ווי כ'ליג אויף דר'ערד. איך וויל נישט זאָגן ליגן:
כ'נעם אָן דעם פרייען גלויבן, וועלכער האָט
אין זיך דאָס בעסטע, וואָס דער קריסטוס, משה
און סאָקראַטעס האָט געבראַכט; נאָר דאָ,

וואו ס'הויבן אָן צו האַמפּערן די מיינונגען,
בין איך מיט די, וואָס זיינען מער און וויל
די פּאָדערונג פון מערהייט נישט פאַראַכטן.

יהודית

קינסטלער שעצט מען דאָ און דענקער טרייבט מען.

מנשה

כ'האָב געהערט, יהודית, אַז דו ביסט עס
די סיבה, וואָס אַקאָסטאַ קומט צו אונז.
צוויי זאַכן האַלט איך זייער גרויס, מיין קינד.
די ערשטע זאַך — מיין שטילעס הויז, די צווייטע —
דאָס, וואָס לייטן רופן אָן: „די וועלט".
אין דעם אַריינגיין וויל איך נישט. און דאָס,
וואָס הייסט די וועלט, איז הייליג.

יהודית

גייט די קונסט

מיט'ן אמת נישט צוזאַמען?

מנשה

קינד, הער אויס:

מיט דרך ארץ טאָר מען זיך ניט שפּילן!
איך האָב פיינט, אַז ווער עס איז זאָל מיר
דעם וועג באַדאַרפן ווייזן, ווי דע־סילוואַ
נעכטן. דו, נאָך אונזער מנהג, ביסט
יוהאַי'ס כלה, און דו מוזט אין קרייז
פון דער פאַמיליע זיין מיט אים אינאיינעם.

יהודית

ליבער פאָטער, ס'איז דאָך קאָמיש.

מנשה

דוקא

הײַנט! ניט שפּעטער!

יהודית

פּאָטער מײַנער!

מנשה

גוט!

איך ווייס: ער איז דיר נישט אַזוי באַליבט,
ווי ס'פּאָדערט שיר השירים, נאָר — דאָס לעבן...
איך פֿאַרלאַנג, אַז דו זאָלסט זיך מיט אים
באַוויַיזן צווישן מענטשן האַנט ביַי האַנט,
ווי צאַרטע חתן-כּלה. וויַיטער, ביַי זיך,
קענט איר מאַכן חשבון, ווי איר ווילט,
אין האַרצן.

יהודית

מיינט איר, די חשבונות זיַינען
פשוט, ווי אין מסחר.

מנשה

נו, געננוג שוין!
הײַנט זאָל דאָ אַקאָסטאַ נישט זיַין! כ'זאָג עס
ערנסט, יהודית, דו ברענג מיך נישט
אַריַין אין כּעס... דאַרפסט, מיר דאַכט זיך, וויסן:
איך האָב פיַינט, בעת מען פאָלגט מיך נישט!

אָפּ

# דריטער אויפטריט

## יהודית אליין

### יהודית

אָ, לעבנסקלוגער זון! איך קען דיך נישט
באַהויפּטן מיט מײַן שׂכל, כ׳קען דיך מיט
מײַן האַרצן נישט באַנעמען. גאָר אָן בוישר
שפּילן ליבע, ווײַזן חנינה דעם,
וואָס כ׳קען נישט לײַדן, שׂנאה ווײַזן דעם,
וואָס איז געליבט... ער גייט... איך הער... זײַן טריט
דערקען איך... ער איז דאָס... ער גייט צו מיר,
און מײַנע בלומען גריסן אים מיט פֿרײַנדשאַפֿט.
זאָל איך איצט מײַן קאַלטן פֿאָטער׳ס קאַלטע
טאָכטער בלײַבן? וואָס? וואָס קען מיר שטערן
אים מיט היץ צום האַרצן דריקן, זאָגן,
ווײַזן, ווי עס קלאַפּט בײַ מיר דאָס האַרץ?
ניין! ס׳ליגן נאָך אויף מיר די שווערע קייטן.
קענטיג, אַז צו האָבן אויף דער וועלט
דאָס רעכט צו טאָן, וואָס הייסט דאָס האַרץ, צו שליסן
שלום צווישן מויל און אויגן, אויג
און האַרצן, מוז מען פֿריער קעגן לײַטן
שטאָלץ אַרויסטרעטן מיט מוט. איך האָב
נאָך קיין זאַך נישט געטאָן. איך מוז זײַן שטום.

# פערטער אויפטריט

## אוריאל, יהודית

### אוריאל

מײַן פֿרײַנד! איך בין אַהער געקומען נאָר,

ווײַל איר האָט דאָס געוואָלט — איך האָף
קיין פרעמדע ניִשט צו טרעפן דאָ.

יהודית

ווײַל איך

האָב דאָס געוואָלט זײַנט איר געקומען? וואו
זיינט איר די גאַנצע צײַט געווען? מיט וואָס
האָב איך עס איך פון זיך אַזוי פאַריאָגט?
אָ, גאָט אין הימל! וואָס פאַר בשורות מען האָט
מיר פון אײַך געבראַכט די טעג!

אוריאל

דער דיספוט,

מן הסתם, מיט די רבנים?

יהודית

ניין!

וואָס האָט צו מיר דער דיספוט אײַערער
און די רבנים אַלע? אוריאל!
איר האָט אַוועקפאָרן געוואָלט? דערציילט:
ס'איז אמת? יאָ? איר וואָלט געקאָנט אַזוי
אָן האַרץ און אומגעריכט פאַרשווינדן?

אוריאל

כ'בעט אײַך:

וואַרפט אַוועק דעם טאָן, דעם פרײַנדליכן,
דעם האַרציגן. זײַט דאָס, וואָס זײַן זײַנט איר
געצוואונגען — בן־יוחאי'ס פרוי. מיר האָבן
וועגן דעם ניט איין מאָל שוין גערעדט,
געוויינט. צו וואָס זאָל מען די אַלטע וואונדן
רייצן?

### יהודית

כ'וויל נישט, אַז איר זאָלט מיך לערנען
זײַן געהאָרכזאַם!

### אוריאל

יהודית!

### יהודית

איך וויל נישט!
כ'האַס אײַך, ווען איר רעדט אַזוי געלאַסן.

### אוריאל

אָבער, יהודית, איר ווייסט עס דאָך:
פֿאַמיליען=קראַפֿט הערשט טיף בײַ אונז אין פֿאָלק.
דער פֿאָטער הייסט, און קינדער פֿאָלגן באַלד.
די קייט פֿון אײַזן ווערט אַ בלומען=קראַנץ.
דאָס לעבן איז ווי אַ געפֿענגעניש.

### יהודית

דאָס אַלץ, אַקאָסטאַ, רעדט מיט זיך אַליין,
בעת איר וואַנדערט אום אין קאַלטע ספֿקות,
אין רעיונות בייזע. אָבער דאָ,
אין דער אַליי, וואו מיר פֿלעגן שפּאַצירן
ביידע אומגיין, יעדן צווײַג און יעדע בלום
און גראָז באַטראַכטן! איר פֿלעגט מיר די נעמען
זאָגן, איר פֿלעגט צויבער=גלעזער ברענגען
און דורך זיי מיר ווײַזן, ווי געהאָרכזאַם
די נאַטור דעם גײַסט איז; וועלכע סודות
ליגן אַרום אונז באַהאַלטן; וועלכע
כוחות ס'האָבן שטיינדלאַך, זאַמד, מעטאַלן!
איז עס מיגלאַך, אַז אין אונז איז טויט אַלץ?

זשט וואָלט שוין פון אַש געוואָרן גלײַכער!
עס וואָלט גלײַכער שטאָל נישט פונקען! גיפט
וואָלט נישט רפואות געבן! אוריאל!
דעם הימל צו דערגרייכן האָט איר מיר
די טרעפ אַליין באַווײַזן. און אַ צײַנד,
בעת איך שוועב שוין אין עפּיר, בעת
מײַן זעלע פליט דערהויבן, פול מיט הייליגער
באַלויכטונג, ווילט איר איצט די טרעפ פון הימל
ווידער אונטער מיר צעברעכן? ניין!
איך קען שוין נישט צוריק אַוועקגיין, ניין!
איך קען מיט דעם המון ניט בלייבן שוין.

## אוריאל

וואָס מיר זײַנען געוואָרן פאַר אײנאַנדער
שטייט מיט טרערן, יהודית, אויף יעדער
צערנדל פאַרשריבן, אָבער ס'טאָר נישט
זײַן און ס'וועט נישט. כ'ווייס עס: ניט פאַר אונז
געשעען שטורעמס. אפשר, אַז מיר וואָלטן
ווייניקער געהאַט צו טאָן מיט ביכער,
ווייניקער גערעדט מיט שטערן, מעטאַלן;
אפשר, אַז מיר וואָלטן זיך דערמיט
פאַרנומען, וואָס צו אונז איז נענטער, — מיגלאך,
אַז דער כוח פון דער נישט־געצאַמטער
נייגונג וואָלט זיך לאָזן הערן... דאָך
זאָל מיך דער הימל שיצן, אַז איך זאָל,
דעם קומער פון מײַן האַרץ ניט זיגענדיג,
אַהין דיך ברענגען, וואו עס שיידן זיך
צוויי וועגן, און איך זאָל דיר דאָרטן זאָגן
גרויזאַם: „ליבע, דאָ זאָלסטו באַשליסן,
אָדער שטאַרבן!" ווייסטו גוט, וואָס מיר

שטייט פֿאָר? אַ גרויזאַמער ווערדיקט, אַ פֿלוך,
אַ חרם! ליבן אַ פֿאַרפֿלוכטן דאַרפֿסטו
נישט! דו טאָרסט נישט! כ'האַלט אַליין דעם חרם
פֿאַר אַ גרויסן כּבוד, נאָר איך וועל נישט
לאָזן קיינעם אויף דער וועלט מיט מיר
אים טיילן.

יהודית

ס'קען נישט זײַן, אַקאָסטאַ, אַז
אַ פֿאָלק זאָל זײַנע בעסטע קינדער יאָגן!

אוריאל

ס'קען נישט זײַן, נאָר ס'וועט זײַן! יהודית,
זײַ נאָך אַמאָל, צום לעצטן מאָל, געזונט!
וואָס זע איך? בן-יוחאי איז דאָ? און געסט
אַרום? מיר זײַנען נישט אַליין? יהודית!
וואָס האָט איר פֿאַר אַ מיין געהאַט? מיר כּבוד
שאַפֿן? נאַריש קינד! בזיונות מער ניט
קען אַזאַ מין בונטער עולם ברענגען.

# פֿינפֿטער אויפֿטריט

בן-יוחאי איז נאָך פֿריער גלענצנדיג און יום-טוב'דיג אָנגעטאָן אַראָפּ פֿון דער טעראַסע. די פֿריערדיגע געסט. נאָכדעם צולעצט מנשה און דע-סילוואַ.

יוחאי

אַזוי האָט איר זיך עס מיט אונז געזעגנט!
כ'האָב געמיינט, איר זײַנט אין היידעלבערג
שוין לאַנג און לערנט דאָרטן פֿויגלאַך דענקען!

### יהודית

ס'האָט נאָך צייט! וואָס דאַרף ער פאָרן דאָרטן,

זי ווייזט אן אויף די פעדערן פון יוחאי'ס הוט

אַז דאָ אין אַמסטערדאַם איז דאָ אַ האָן,

וואָס מאָג זיך אויך נאָך לערנען יאָרן לאַנג!

זי נעמט אוריאל'ן אונטערן אָרים און גייט אוועק, עס הערט זיך מוזיק פון ווייטן

### יוחאי

צום לעצטן מאָל האָסטו מיט שטאָלצער שנאה

מיך באַגאָסן... זיס איז די נקמה,

וואָס דער מזל שיקט אונז צו, און וואָס

מיר דאַרפן נישט אַליין באַשאַפן. גאָר

אָן בושה פירט זי אים אין זאַל אַריין!...

מנשה און דע-סילווא קומען אן

### מנשה

אויבן

עס קען נישט זיין, עס קען נישט זיין! ניין, ניין!

### סילווא

אויבן

געדולד, געדולד!

### מנשה

וואָס פאַר אַ חוצפה! איך

האָב עס פאַרבאָטן שטרענג!

### סילווא

באַרויאיגט זיך,

מיין שוואָגער, בעסער זעט דעם גאַסט ביי אייך

אין שטוב פון אַ סקאַנדאַל פאַרהיטן באַלד.

עס האָבן דאָך סנהדרים נאָך דעם פסק

נישט אָנגעזאָגט.

מנשה

אַקאָסטאַ מאָג אַליין
פֿאַרשטיין, אַז דרך ארץ הענגט נישט אָפּ
פֿון שופֿטים, נאָר פֿון דעם, וואָס רעדט די וועלט.

ער גייט אַוועק אין שטוב אַריין. סילוואַ קומט אין גאָרטן

יוחאי

איך בין נשתומם, סילוואַ. קען דאָס זײַן,
אַז איר האָט שוין געענדערט אײַער מיינונג?

סילוואַ

האָט דען ווער עס איז דאָס רעכט דעם פסק
פֿון שופֿטים פֿאַרצולויפֿן?

יוחאי

וואָס? אַזוי גאָר
רעדט דע-סילוואַ, וואָס'ט זײַן ווערק פֿאַר'משפט?

סילוואַ

איך? פֿאַרמשפט? האָב איך ווען שוין
אַרויסגעזאָגט מײַן מיינונג אָפֿן?

יוחאי

סילוואַ!
אַלע ווייסן גוט, אַז איר האָט אָפֿן
אויסגעזאָגט די בית דין אײַער מיינונג;
די מיינונג איז, אַז ער איז נישט קיין איד.

סילוואַ

איך זע, איר האָט מיך נישט פֿאַרשטאַנען
ריכטיג. לאָמיר לאָזן דאָס צורו.

יוחאי

כ׳פארשטיי

גאַנץ גוט... משמעות, אַז איר שיצט אים.

סילווא

לאָזט צורו! איך מיין אים נישט צו שיצן,
נאָר איך מוז איַך זאָגן, איך בין גאָר
ווי בייַגעבאָרן! יאָ, מיַין פריינד, הערט אויס
וואָס פאַר אַ מיני חושים ס׳האָבן מיר
דערפילט מיַין וועזן, בעת איך האָב מיך גוט
אין זיַין טראַקטאַט פאַרטיפט.

יוחאי

אַן אַ זייט

וואָס וועל איך הערן!

סילווא

איך האָב זיך אין קאַבינעט פאַרשפאַרט
און דאָרטן גאַנץ אַליין איבערן בוך
געזעסן טאָג און נאַכט, און וואָס איך האָב אים
מער געלייענט, וואָס כ׳האָב טיפער אים
געפאָרשט, איז מיר געוואָרן ליכטיגער
אין מיַינע אויגן... כ׳האָב געפילט: דער דענקער
האָט זיך מיט אַ נייַעם כח אויפגעוואַכט
אין מיר בייַ יעדער שורה. יעדע רגע,
יעדן זאַץ האָב איך צו זיך געשריען
איבערליך אין האַרצן, אַז איך טאָר אים
די רבנים נישט אַרויסגעבן, איך מוז דאָך
פלאַטאָנ׳ס תלמיד שיצן קעגן זיי,
דעם טעות זייַנעם ווי עס איז פאַרדעקן...
אין דער תורה און אין דער גמרא
האָב איך אומעטום געזוכט אַ גרונט

זײַן בוך מיט דער אמונה ווי עס איז
צוזאמענגיסן, נאָר ס'האָט נישט געלונגען...
און אַזוי, ווי איך האָב זיי געשוואוירן
דעם ספר זײַנעם על פּי תּורה פאַרשן,
האָב איך געמאַכט צום סוף פון בוך אַן אויפשריפט:
„ער איז נישט קיין איד".

יוחאי

„קיין איד נישט"? ס'איז דאָך
צווײדײַטיג.

סילווא

עס הויבט זיך גאָר נישט אָן!
איך האָב געמיינט — מען קען אים, ווי אַ אידן
משפּט'ן. אָבער אויב ער איז אַ איד?
און אויב ער איז מחויב גאָר זײַן קאָפּ
צו בויגן פאַרן חרם און פאַרטראָגן
די פאַרפאָלגונג — ווייס איך ניט. אַקאָסטאַ
האָט דאָס רעכט, אויב נאָר ער וויל, זיך רופן
קריסט.

יוחאי

דע-סילוואָ!

סילווא

יאָ. און איר וועט דאַמאָלסט
נישט פאַרלירן יהודית פאַר זיך.

יוחאי

וואָס רעדט איר; אוריאל — אַ קריסט?

סילווא

זײַן פאָטער
האָט זיך שוין גאַנץ לאַנג, אין קוענס נאָך,

געשמד׳ט. ער האָט דערצויגן אַלע קינדער
אין די קלויסטערס, צווישן יעזואיטן.
נאָכדעם, ווען זיי זיינען פון דעם טאַגאָ
שוין אַהער געקומען, זיינען זיי
געוואָרן ווידער אידן. האָט אויך אוריאל
געטאָן ווי זיי? — ס׳איז נישט באַשטימט.
ער מאָג זיך, אויב ער וויל נאָר, רופן קריסט.

## יוחאי

אַקאָסטאַ — קריסט? דאָס מוז אים מיט יהודית
צושיידן גאָר אינגאַנצן.

## סילווא

עס פאַרשטייט זיך.
און מיר מוזן אים וואָס גיכער העלפן.
איר — פון שנאה... כ׳האָב צו אייך נישט. איך...
געניג!.. אין דער אַליי זאָלט איר פאַרבלייבן.
די סנהדרים, ווי איך האָב געהערט,
האָבן זיך דערוואוסט, אַז דאָ וועט זיין אַקאָסטאַ,
און דע=סאַנטאָס וועט אַהער, מסתמא,
מיטן חרם קומען. אויב עס וועט
אַזוי געשען, מוז איך פונוויטן שטיין,
און איר טרעט באַלד אַרויס און זאָגט: „אַקאָסטאַ!
ביסט אַ קריסט!" דערמיט וועט איר פון זיך
דעם סם פון אייפערזוכט פאַרניכטן, ווייל
יהודית וועט זיך נישט שמד׳ן בשום אופן.
און איך... הגם איך הייב נישט אָן צו גלויבן
דאָס, אין וואָס אַקאָסטאַ וויל פאַרזיכערן,
נאָר איך וועל דאָך פאַרשפּאָרן ווערן רויט
פאַר פלאַטאָנ׳ס גייסט — איך האָב געאַכט דעם דענקער.

# זעקסטער אויפטריט

**מנשה** און אנדערע **געסט – הערן** און **דאמען** – גייען אראפ
פון טעראסע, שפעטער **אוריאל** און **יהודית**

### מנשה

שמעון, וואָס? רבנים זיינען דאָ?
דע=סאַנטאָס? ס'אַרא כבוד! גאָר אַ זעלטן!

אוריאל און יהודית קומען אן

### אוריאל

זיי! דאָס זיינען זיי!

### יהודית

איז וואָס? זייט רואיג!
סילוואַ! וואו זיינט איר? וואָס שווייגט מוזיק?
וואָס שטומען זיי, די נאַרישע פאַרמיטלער
פון פאַרשוואַכטע הערצער?

### אוריאל

זעט, יהודית,
רבנים מיט די שופרות אין די הענט!

אלע קוקן מיט שרעק אויף דער טעראסע

# זיבעטער אויפטריט

דער רב **דע־סאַנטאָס**, באגלייט פון **פיר רבנים**, וועלכע לייגן לאנגזאם
און פייערליך צו צום מויל קליינע שופרות און בלאָזן תקיעה. זיי קומען אן אויבן
און בלייבן דאָרטן. שפעטער **יוחאי** און **סילווא**. **די פריערדיגע.**

### מנשה

נאָך די תקיעות

אַ קללה דאָ? ביי מיר אין שטילן הויז!

### סאַנטאַס

קול שופר באַגריסט בני ישראל!
געדענקט דעם טאָג, ווען אברהם אָבינו
האָט געוואָלט אַ קרבן זײַן בן יחיד
ברענגען, נאָר דער אל שדי האָט אים
געזאָגט: לאָז אָפּ דאָס קינד און מיר פֿאַרשטעך
דעם באָק, וואָס האָט זיך דאָ נישט ווײַט פֿאַרפּלאָנטערט
מיט די הערנער אין געצווײַג; און אַברהם
אָבינו האָט זײַן זון באַפֿרײַט און באַלד
פֿאַרברענט פֿאַר גאָט אַ בהמה. אידן! ווער
עס וויל פֿון אײַך פֿאַרבלײַבן טרײַ זײַן ליבן
נאָמען, מוז זיך שטעלן אָנאַזײַט;
דער בורא וויל נישט קיין אומזיסטיגע
קרבנות. מער נישט דו, אַקאָסטאַ, דו
פֿאַרבלײַב אַליין.

אַלע גייען אַריבער פֿון אוריאל'ן אויפ'ן אַנדער זײַט. יהודית האַלט זיך אָפּ

און וואַנדערסטראַטענ'ס טאָכטער?
ביסטו נישט זײַן ליבן נאָמען טרײַ?

יהודית טרעט אָפּ

### אוריאל

זי אויך! ווי שטאַרק עס ציט זיי דער שגעון!

צו סאַנטאָס'ן

מיינסטו נישט, אַז אויפֿן סיני שטייסטו
דאָ? און אַז משה רבנו האָט דיך
פֿאַר זײַן מויל געוויילט? זאָג — ווער האָט דיך
באַשטימט פֿאַר אַ מקטרג איבער מיר?

### סאַנטאַס

ביסטו אַ איד, איז דיר באַוואוּסט ווער: גאָט!

יוחאי

קומט ארײַן אינמיטן

דערציילט מיר — וואָס האָט דאָ אַזוינס פּאַסירט?
דע=סאַנטאָס! ווילט איר אונז אַן אומגליק שאַפֿן?
מיר האָבן רעכט אין אַמסטערדאַם צו פּסק'ן
על פּי דין כּל זמן עס שטייט פֿאַר אונז
פֿון דער קהלה ווער עס איז. אַקאָסטאַ
איז אַ קריסט.

אלע

אַ קריסט?

יהודית

אָ, גאָט!

יוחאי

אים פֿלוכן?
אײַער חרם איז פֿאַר קריסטן גאָר נישט!

יהודית

אים באַפֿרײַט עס, מיר איז דאָס דער טויט.

סאנטאס

אויב אוריאל אַקאָסטאַ איז אַ קריסט,
פֿאַרשטומט מײַן מויל פֿאַר אים. מײַן ברכה
אײַך, בני ישראל.

אוריאל

ווער זאָגט? ווער רעדט?

יוחאי

דײַן פֿאָטער האָט זיך לאַנג אין פּאָרטוגאַל
געטויפֿט, און די פֿאַמיליע דײַנע אויך

מיט אים. ביז היינט האָט קיינער זיך פֿון זיי
צום אידנטום נישט אומגעקערט צוריק,
ווי ווייט מען ווייס ביי אונז. איר זיינט אַ קריסט...
מיר האַלטן פֿאַר אַ כבוד איך אין געסט
צו זען ביי אידן.

## מנשה

קומט צום טיש ביי אונז,
דער קריסט אַקאָסטאַ וועט אונז מוחל זיין:
מיר האַלטן כשר, ווי עס הייסט דער דין...

## אוריאל

אויכער זיך

אַ קריסט בין איך! אַ פֿרעכער שפּאַס זאָל מיר
די הינטער=טיר פֿון פֿאַלשער מיטלייד עפֿ'נען?
קינדווייז נאָך בין איך געטויפֿט געוואָרן
אומגעריכטערהייט. נישט פּריסטער האָבן
צום קריסטנטום געבראַכט דעם פֿאָטער, מוטער,
מיך, די ברידער, שוועסטער; און נישט געָלד,
נישט כבוד האָבן אונז אַהין פֿאַרפֿירט.
אונזער טויף=פֿאָטער געווען איז גאָר
דער הענקער פֿון דער אינקוויזיציע. זיבן
יאָר האָט מען אונז מיט געוואַלד געטריבן
אין אַ קריסטליך שול און אונזער וועג
מיט פֿייערהויפֿנס אונז באַלויכטן. אימה
איז אויף אונז געלעגן! אויב נאָר אימה
איז די מוטער פֿון אמונה, זיינען
מיר געווען באמת פֿרומע קריסטן!
נאָר וואונדערליך פֿאַרמאָגט אין זיך געוואוינהייט
ווייכקייט. ביים אַלטאַר, אין געגנוואַרט
פֿון פּריסטער, זיינענדיג געבעטן מיטן כאָר

און אין דער שול אַ קריסטליכע דערציִאונג
האָבנדיק דערקענט, האָב איך געפילט זיך
גליקליכער, ווי לערנענדיק גמרא...
איצטער בין איך דער, וואָס איז אַ קריסט
געוועזן. אין פרישן טײַך פון בילדונג באָדן
האָב איך זיך געמאָגט. אַ מענש, אַ פרײַער
זיך געפילט. די לופט האָט מיר געהערט;
דער שטראַל פון זון; אין גרינעם וואַלד דער קוק,
דער שיינער. איך האָב האָלט געהאַט דאָס אַלץ,
וואָס אַלעמען איז ליב, און מורא האָב איך
נאָר פאַר דעם געהאַט, וואָס רופט אַרויס
אַ שרעק בײַ אַלע מענשן גלײַך. איך האָב
געפילט דעם טעם פון אַלע מעשים טובים,
געשפירט דעם פולס פון וועלטגעשיכטע קלאָר,
אַזוי ווי כ'האָב אין זיך געפילט די מענשהײַט.
כ'בין אַ פּאָרטוגאַלער שוין געווען,
אַ פּאָטערלאַנד, אַ לעבנסרעכט — כ'האָב אַלץ
געהאַט. נאָר אונזער פּאָטער'ס אַנד'רע ברידער
זײַנען אַלע אומגעריכט אַהער,
אין נידערלאַנד, אַוועק, און מיר—נאָך זיי.
און דאָ, בעת זיי האָבן זיך שוין פרײַ
דערפילט, האָט יעדערער פון זיי געאײַלט
דעם טראָפן שמד אַרויסזויגן פון בלוט.
דער פּאָטער האָט געפירט נאָך זיך די מוטער,
ברידער, שוועסטער, און זיי זײַנען אַלע
ווידער אידן... אויב כ'האָב אויך געטאָן
ווי זיי? אויב איך האָב אויך דעם מילדן גאַבריעל,
ווי ס'האָבן מיך גערופן קריסטן, אָנבינדן
געוואָלט דעם שוואַרצן פנים אוריאל'ס?
כ'וועל אײַך דעם גאַנצן אמת אָפן זאָגן:

כ'וואָלט זיך גערן אָפּגעבן צו דעם,
וואָס אַלעמען איז ליב און נאָענט; כ'וואָלט
די אָפּגעזונדערטקייט די אידישע
פאַרלאָזט און וואָלט זיך אָפּגעטונקט ביז קאָפּ
אין לעבנספולן שטראָם פון וועלט=באַוועגונג
און כ'בין פריי אַזוי צו טאָן, נאָר כ'טו נישט!
פרעגט מיך נישט — פאַרוואָס? פאַרוואָס, בעת
עס זיינען אין מצרים יוסף'ס ברידער
אָנגעקומען, וועלכע האָבן אים
פאַרקויפט, האָט ער געוויינט פאַר פרייד און גליק?
צום אַלטוואַרג, וועלכן מיר האָבן געבראַכט
אַהער פון מזרח, זיינען אַלע גלייכגילטיג
ביי אונז, און דאָך פאַרבינט ער אונז,
ווי ברידער אומעטום, הגם מיר זיינען
אָפט נישט מער, ווי מיטן אויסזען ברידער.
אונזער בונד איז אַלט און פויל, און נאָר
די נאַציאָנאַלע ערע היט אונז אָפּ
פון אונטערגיין... און אונזער ערע הייסט מיר
זיין מיט אייך. אין אַמסטערדאַם פאַרטראָגט מען
אייך — ס'איז אמת, אַז מען קוקט אויף אייך דאָ,
ווי אויף מענשן, נאָר אפילו דאָ אויך
לעבט איר דאָך, ווי אַ דערשראָקענע
געהירדע אין אַ טיפן וואַלד אַ ווילדן;
אַ געמיינדע, פול מיט אימה פאַר די
לענסטע, פאַר די מינדעסטע קאַפּריזן
פון די קריסטן — ס'איז גענוג דעם ערשטן
בלבול, איר זאָלט ווידער מוזן לויפן,
מוזן וואַנדערן אָן אויפהער, ווי אהאַספער,
מיטן בינטל בייזע קללות אויפן רוקן!
און, בעת איר זיינט פאַרטריבן; בעת

איר זײַנט אין װעג פֿאַרװאָגלט און פֿון שטױב,
פֿון דורשט פֿאַר׳חשכ׳ט, זאָל איך דאָ אין שאָטן
ליגן און אויף גריגע לאָנקעס רוען,
װי אַ קריסט? דאָס טאָר נישט זײַן — כ׳װיל לײַדן,
לײַדן, בעת די ברידער מוזן לײַדן!
שילט מיך, רבי, האָט נישט מורא, װאַרפֿט
אין חרם רואיג — כ׳בין אַ איד!

## סאנטאס

אויב דו ביסט נאָר אַ איד צו מאַכן חוזק
פֿון דײַן פֿאָלק, האָסטו געמאָגט אַ גוי זײַן!
װייס: דײַן חבור װערט בײַ אונז פֿאַרברענט,
און דו אַליין אַרײַנגעלייגט אין חרם.
צו דײַן תּפֿלה איז דער הימל טויב;
דײַן יעדעס בליק צעגיסט זיך נאָר סם;
דער אָטעם דײַנער איז װי אַ מגפֿה!
אין װעלכע טיר דו װעסט אַרײַן, זאָלסטו
נישט טרעפֿן מער, װי שונאים אַרום זיך;
אַז דו װעסט װערן קראַנק, זאָל דיר אין יעדער
גלאָז דערלאַנגען װערן גיפֿט. דײַן טויט
זאָל דיך געפֿינען אין אַ װיסטן פעלד,
געװענדט צו מעריב, עלנט און צופלאָגט.

## אלע

אוי װיי אים, װיי!

## אוריאל

מיך שוידערט! נישט פֿאַר זיך.—
פֿאַר אים, װאָס גלאָצט די אויגן פֿאַר די הימלען.

## סאנטאס

זײַ נע ונד, זײַ שװאַך און בלינד. זאָל זײַן
פֿאַרשאָלטן יענע האַנט, װאָס װעט דיך שטיצן

ווי עס איז. אויב דו וועסט ערגעץ פאַלן,
זאָל די ערד זיך שפּאַלטן אונטער דיר
און דיך פאַרשלינגען.

אלע

וויי אים, וויי.

סאנטאס

די כנסת

שטויסט דיך אָפּ פון זיך. דורך מיר אַצינד
פאַרשילט זי דיך אַליין און אויך דאָס לייב,
וואָס האָט דיך אויף דער וועלט געבראַכט!

אוריאל

מיין מוטער!

סאנטאס

זיי פאַרפלוכט דיין פריינד, וואָס וועט אין אומגליק
דיך נישט לאָזן הילפלאָז און פאַריאָגט!
פאַרפלוכט זיי דער, וואָס וועט זיך האַלטן נאָענט
צו דיר! זאָל זיין פאַרשאָלטן און פאַרפוילט
דאָס אַלץ, וואָס דו וועסט האַלטן אין דיין האַנט!
אין עלנט וועסטו זיין פאַרשמאַכט נאָך ליבע,
און דו וועסט קיין פריינדליך גרוס נישט טרעפן
אין אַ פרויענהאַרץ!

יהודית

ס'איז ליגן, רבי!

מנשה

חצופה!

סילווא

פירט זי שוין אַוועק, יוחאי!

יוחאי

וואָס פֿאַר אַ שרעקליכער פֿאַרראַט!

### יהודית

יאָ, יאָ!!

איך וויל פֿאַרראָטן אײַך און זיך! איך וויל
דעם הימל בלײַבן טרײַ! איר שילט, נאַראָנים,
יענעם גאָט, וואָס בוקן דאַרף מען זיך
צו אים. נאָר יענער גאָט איז גרויס און שיין.
איר דאַרפֿט זיך לערנען אים פֿאַרשטיין, און אים
נאָר גלויבן, אים זײַן טרײַ! איר שילט זיך? שילט.
נאָר ווייסט, אַז ער איז הייס און צאַרט געליבט!

די גיט זיך א ריס צו אוריאל׳ן

### סאנטאס

שוין צוויי קרבנות זעט דער בית המדרש
דאָ פֿאַר זיך! בני ישראל! ווער ס׳גלויבט
אין גאָט, טאָר נישט אַ רגע בלײַבן דאָ.

גייט מיט זײַנע באגלייטערס אוועק, ארפגייענדיג פון טעראַסע און פארשווינדענדיג
אין א זײַט. אלע לויפֿן אים אין א מהומה נאָך

### יוחאי

צו מנשה און יהודית

די הימלפֿראַגע האָט פֿאַר מיר קיין ווערט נישט,
און איך זע נאָר דאָס, וואָס ס׳זעט אַ מענש:
פֿאַרראָט! מיר בלײַבט נאָר גלויבן אין דעם אַלטן
גאָט, וואָס ווייס ווי זיס עס איז — נקמה.

ער גייט מיט די פֿארבליבענע געסט. אלע זײַנען אוועק, חוץ מנשה, אוריאל
און יהודית

מנשה

ווי ס'וועט זיך לאָזן אויפשטיין פון דעם שלאָף,
און וואָס אין לעבן וועט זיך אויסלאָזן
פון אַלץ — פאַרשטיי איך נישט און לאָז דעם צופאַל,
וועלכער דרייט די וועלט, אַליין אַלץ טאָן.
מיין קינד! מיר דאַרפן אומקערן דאָס אַלץ,
וואָס דו האָסט היינט צוריסן מיט דיין האַנט.
ס'וועט זיין ניט גרינג!.. אַקאָסטאַ! בלייבט דערוויל
מיט אייער חרם דאָ ביי מיר אין ווילע,
די מוזן מיינע וועלן אייך נישט יאָגן.
כ'פאָר אין אַמסטערדאַם צוריק, יהודית
וועט מיטפאָרן מיט מיר. דו ווייסט, מיין קינד,
מיר טאָן צוליב און היטן דרך ארץ!
ווייטער וועלן שוין די צרות פירן!

ער גייט

יהודית

איצט ביסטו מיינער! מיטן אמת האָב איך
דיך דערוואָרבן דאָ! דו זעסט, ווי טייער
מיר איז גאָט, וואָס דינען אים האָסטו
מיך אויסגעלערנט, — גאָט, וואָס ברענט אין האַרצן
טיף ביי מיר? מיין פריינד! כ'וויל גלויבן פעסט:
מיר מוזן ביידע שוין צוזאַמען זיין!
נאָר מוט און גלויבן, אוריאל, וואָס מער —
מיר וועלן איננעמען די וועלט פאַר זיך!

גייט מיט אוריאל'ן נאָכן פאַטער

דער פאָרהאַנג פאַלט



# דריטער אקט

אַ צימער אין װאַנדערסטראַטענס הויז אין אַמסטערדאַם. עס איז נאָך װאַנדערסטראַטענס גוסט באַפּוצט מיט בילדער און סטאַטועטן. די לעצטע קענען אויך שטיין אויפן ראַנד פון קאַמין.

## ערשטער אויפטריט

מנשה זיצט אַליין ביים ארבעט־טיש און חשבונ'ט

### מנשה

אויף ווינט און וואַסער אויפגעבויטעס גליק!
איך שרייב דאָ ציפער, ציפער אָן אַ שיעור...
אַזוינע רייכע, אינהאַלטפולע צאָלן, —
און ביי דער ערשטער כוואַליע ווערן זיי
פאַרשווענקט, און קיין שום רודער וועט ניט העלפן.
ניין! זיכערע חשבונות זיינען נאָר
אין האַפן, נאָר אין האַפן מיגלאַך, ניט
אין ים.

ער שטעלט זיך אנידער, גייט דורך איבערן צימער און נעמט פון טיש אַן אנדער בוך.

דאָס קליינע ביכל לייען איך
מיט מער הנאה! בילדער, סטאַטועטן,
דאָס שפיל פון אייגנאַרטיגע פאָנטאַזיען,
גראָטן, פּאַוויליאָנען — אלץ האָט זיך
פאַרוויקלט אין אַ בונטן שיינעם פלאָנטער
און קאָסט מיר מער, וויפיל די בערוזע שאַצט...
ווי רעדט מען עס אַרום דעם פּרייז פון קונסטווערק!
ווי זאָגט מען, אַז דער קינסטלער האָט זיך פיל
באַצאָלט? איז מיגלאַך דען אַ בילד באַלוינען

נאָך זײַן ווערט? ניט פֿאַרב, ניט לײַוונט ווערן
באַצאָלט, און ניט די צײַט, וואָס איז אַוועק,
אַפֿילו ניט דער געניוס, וואָס האָט
דאָס ווערק געשאַפֿט: ער וואָלט עס גערנער שענקען,
ווי פֿאַרקויפֿן — ניין: מען צאָלט דאָס געלט
דערפֿאַר, וואָס מען באַזיצט דעם אָפּגעקויפֿטן
בילד... דערפֿאַר, וואָס מען באַקומט דאָס רעכט
פֿאַר זיך אַליין די שיינקייט צו געניסן,
ניט געשטערט פֿון קיין שום פֿרעמדן אויג,
פֿון נידעריגע בליקן נישט באַליידיגט,
פֿון עם הארצישן גערידט באַפֿרײַט —
אין דעם און נאָר אין דעם איז די הנאה!
דאָ, וואו תּמיד חזר'ט זיך אַלץ איבער,
שאַפֿט דער קינסטלער מיט א מאָל אן „עפּעס",
און ס'געהערט אויף אייביג מיר אַליין
אומטיילבאַר, איינציג, הייליג ווי אַ כּלה!
מענשן ריידן גאָר וועגן מקחים.

ער דערנענטערט זיך צום גרויסן בוך

און דאָך, בעת עס שטייט נישט דער סך הכּל,
מאָנען זיי... אָ, שווערע דאַגות!.. ווידער...

פארטיפט זיך אין רעיונות

## צווייטער אויפטריט

### מנשה, יהודית, שפּעטער שמעון.

#### יהודית

נאָכדעם ווי זי האָט אים באטראכט

איך זוך אייך, פֿאָטער, און געפֿין אײַך נישט.
איר זײַנט אין אײַער איינזאַמקײַט פֿאַרשלאָסן.
וואָס זעט איר אויס אַזוי פֿאַרקימערט, מוטלאָז?

מנשה

דו מיינסט, איך זע נאָר אויס אַזוי — נישט מער?

יהודית

עס האָבן אײַך פֿאַרמאַטערט די קרבנות,
וועלכע איר׳ט די לעצטע טעג געבראַכט?

מנשה

דו ווייסט, מײַן קינד, אָן זיך: צרות רבים
הצי נחמה.

יהודית

דעם פֿאַרשטויסטן, ווען
אַלע מיידן אויס, וואָס ווײַלט אפילו
פֿון זײַן מוטער׳ס ליבן שוועל אַצינד,
האָט איר צו זיך אַרײַנגענומען דרייסט
און שיצט פֿון די פֿאַנאַטישע רדיפֿות,
ווי אַן אייגן קינד. אײַך האַלטן לייטן
פֿאַר א קאַלטן מענשן. ווען זיי וואָלטן
אונטער אײַער שטרענגן פנים קענען
זען דעם גייסט דעם צאַרטן.

מנשה

ניין, מײַן קינד!
שוין צופֿיל זאָגסטו שבחים הײַנט אויף מיר.
איך שיץ אַקאָסטאַ׳ן גאָרנישט צוליב אים.
דער מענש, וואָס וויל נישט קענען דרך ארץ,
קאָן מיר ליב און נאָנט נישט זײַן לחלוטין.
אָבער דיר, מײַן טאָכטער, איז ער טײַער!
דו האָסט אים באַוויזן אַזוי הייס,
אָן אַלעמען פֿאַרגעסנדיג, דײַן צאַרטקײַט...
כ׳וואָלט געוואָלט פֿאַרגעסן יענע סצענע!

יהודית

פאר זיך

און איך... איך לעב מיט איר...

מנשה

ווען אוריאל

וועט ווערן אַ בעל תשובה, ווייס מען שוין,
אַז מיין באַשלוס איז אים מיין בת־יחידה׳ס
האַנט צו געבן, ווייל זי ליבט אים. וואָס
מיך צווינגט דיר נאָכצוגעבן, פילסטו
גוט, מיין קינד.

יהודית

די ליבע פון׳ם פאָטער
און דעם וואוילן מענשנ׳ס איידל האַרץ.

מנשה

דו האָסט אַ טעות, טאָכטער מיינע. פיינט
האָב איך די מענשן נישט און האָלט האָב איך
זיי אויך נישט. דאָס, וואָס כ׳האָב פון זיי געזען,
האָט מיך געלערנט זיך באַהאַלטן אין זיך.
מיט פופצן יאָר צוריק — דו ביסט נאָך גאָר
אַ קינד געווען — האָט זיך אַ העלן טאָג
אין שטאָט פאַרשפרייט אַ נייס: ס׳האָט באַנקראָטירט
מנשה וואַן־דער־סטראַטען. אויפ׳ן וואַנט
אין בערזע האָבן גרויסע אותיות
געמאָלדן: „וואַן־דער־סטראַטען באַנקראָטירט!״
אַ קאַפּ רחמנות, וואוילע מוסר, וואו
אַ זיפץ און וואו אַ שאָקל מיט׳ן קאָפּ —
דאָס האָבן לייטן מיר געבראַכט, בעת
איך בין ווי פון אַן אומגליק־שיף אַראָפּ...

יהודית

נו, און מײַן מוטער, פֿאָטער?

מנשה

זי אַליין,

עליה השלום, די מוטער דײַנע
האָט מיר צוגעגעבן מוט צו לעבן
ווייטער. זי'ט געהאַט דעם זכות צו זען
ווי אונזער שײַן איז ווידער אויף. זי איז
געשטאָרבן ניט פֿון נויט, חלילה, ניין!
איר האָט פֿאַרקירצט די יאָרן נאָר די וועלט —
די קאַלטע, בייזע וועלט, פֿאַר וועלכע זי
האָט אַלע מאָל אַרויסגעוויזן מוט,
בעת דאָס הארץ איז פֿול געווען מיט פּײַן...
און דאָס האָט איר מקצר יום געווען.
מײַן קינד! ווער ס'האָט געליטן וויפֿיל איך,
דער ווייס, אַז גלויבן מעג מען מער נישט זיך;
אַז קיינער נעמט זיך נישט פֿאַר יענעם אָן;
אַז מער נישט ווי אַ ווײַב, אַ קינד קען העלפֿן
בויען אונזער גליק... ווער ס'ווייס דאָס אַלץ,
דער קאָן זיך נאָר פֿאַרשליסן אין זײַן הויז
און לײַדן טיף, און לײַדן שאַרף, בעת
עס קלאַפּט צו אים די ווירקליכקייט אין טיר.

שמעון

מעלדעט

דע=סילוואַ שיקט אײַך זאָגן, אַז ער קומט
אַהער אין עטליכע מינוט אַרום.

אָפּ

יהודית

דע=סילוואַ ?

מנשה

וואו איז אוריאל ?

יהודית

ער זיצט
ביי זיך, אַזוי ווי איר האָט אָנגעזאָגט

מנשה

די יונגוואַרג זידלט אונז נאָך איצטער אויך ?
איר זאָגט נאָך אַלץ, אַז מיר, די זקנים, שטערן
תמיד אייער גליק ? דע=סילוואַ האָט
אַקאָסטאַ'ן האַלט, און ער פֿאַרטיידיגט אים
ביז גאָר. ער שטאַרקט זיך, ווי ער קען, אַ שלום
מאַכן מיט די בית-דין, בן=יוחאי'ס
כעס זעט ער איינהאַלטן ווי ס'איז...
גיי, רוף אַרײַן דײַן אוריאל אַהער.

יהודית

איך דאַנק אײַך, ליבער פֿאָטער, איך וואָלט אויך
געוואָלט מײַן טיפֿן דאַנק אין מעשים אײַך
באַווײַזן. כ'שעם זיך — מער ניט שטיין בײַנזייט,
וואָס מענשן טוען שטילערהייט נאָר זען,
אין אייגנעם גורל גאָר נישט אַנטייל נעמען...

מנשה

גיי און רוף אַרײַן דײַן פֿרײַנד.

### יהודית

נאָר ווײַז זיך

אים אַרויס נישט קעלטער, ווי דו ביסט.
דו ליבסט אַזוי דעם שיינעם גלאַנץ פון קונסט.
פאַרוואָס זאָלסטו דײַן איידעלן גייסט נישט לאָזן
גלענצן איבער אַלץ? — דו ביסט דאָך שיין!

אַפ

### מנשה

„מײַן טיפן דאַנק אין מעשים אײַך באַווײַזן".
דאָס, וואָס קען איר ברענגען שברת לב,
באַזײַטיגט זי, פאַרשטייט זיך... סילווא גייט.

## דריטער אויפטריט

## מנשה, דע-סילווא

### מנשה

איך דאַנק אײַך פאַר באַזוך. איר ווילט אַ שלום
ברענגען מיר אין שטוב... איך בעט אײַך, שוואָגער,
מיר נישט טרייסטן, נישט באַדויערן,
נישט זיפצן איבער מיר.

### סילווא

איר לויפט פון צרות,
צײַט איך קען אײַך, און די צרות יאָגן
זיך נאָך אײַך... אַ מאָדנער מענש!

### מנשה

זײַנט איר

געוועזן אין בית-דין?

סילוואַ

ל'קום איצט פֿון בית מדרש.

מנשה

אַלץ איז צו דער תשובה גרייט? מען האָט
געדאַרפֿט עס אָפּמאַכן אָן איבעריגע
שטיק, אַז דער שגעון זאָל צוריק
נישט אָפּוואַקסן ביי זיי אין קאָפּ.

סילוואַ

שגעון
רופֿט איר דאָס, וואָס די אמונה הייסט?

מנשה

די נעץ פֿון בייזע שנאה אַרום מיר,
נקמה, — קנאה, דאָס אַלץ רופֿט איר אָן
אמונה? בן־יוחאי און די ידידים
זיינע אַלע, ווי איך האָב באַמערקט,
באַגריסן מיך אַפילו מער שוין נישט.
זיי זוכן אין דער בערזע נאָר ווי ערגער
מיך אַ ביס צו טאָן... זיי ווייסן גוט
וואָס סחורות איז: אַ דריק, אַ קוועטש — און אויס,
אַראָפּ פֿון מאַרק.

סילוואַ

האָט נאָר געדולד און האָפֿט!

מנשה

ס'איז גרינג צו זאָגן: „האָפֿט און האָט געדולד",
בעת אין איין מאָמענט קען גיין צום גרונט

דאָס לעבן און דער גאַנצער האָב און גוטס...
אַון אויב יוחאי וויל מיך נאָר דערשטיקן...

### סילוואַ

שוואָגער!

### מנשה

יאָ! גענוג שוין וועגן דעם!
נאָר גיך! איר הערט? איך בעט אייַך: איינס און צוויי...
איר וועט דאָ מיט אַקאָסטאַ'ן ריידן באַלד.
דערציילט אים וואָס ער האָט צו טאָן, כדי
די סטאַיע חיות רעות, פון רבנים
אָנגערייצט אויף אים, זאָל מוזן שטומען.
נו, איך גיי... אַקאָסטאַ גייט אַהער...
איר וועט מיט אים שוין ריידן... הערט, דע=סילוואַ,
צווישן אונז גערעדט: איר שעצט דאָך אויך ניט
די רבנים. ס'קען נישט זייַן, אַז איר
זייַנט פרום. עס קען נישט זייַן, אַן אויפגעקלערטער
מענש און אַ געלערנטער פילאָזאָף
זאָל זיך אַליין אַרומלייגן מיט נישט
און גיין צוריק אַהין, פונוואַן ער איז
שוין לאַנג אַוועק. אַ קינד, פאַרשטייט זיך, גלויבט,
אַז צוויי מאָל צוויי איז פינף, בעת אמונה
הייסט אַזוי, נאָר מאַכט מיט פילאָזאָפיע,
אַז זי זוכט אַ סוד אין קינדערגלויבן,
און אַז צוויי מאָל צוויי איז פינף, דאַרף זי
גאָר האָבן אַ באַווייַז. נישט נעמט פאַר אומגוט:
כ'מוז אין מייַנע ביכער מאַכן חשבון,
דאָ מישט זיך אויף מיט עכל אינטערעס
און רופט אַהין, וואו ס'פאָדערן געשעפטן.

אַפּ

סילווא

מיט צאָלן וויל ער גאָטעס גרויסקייט מעסטן.

## פערטער אויפטריט
## סילווא, אוריאל

אוריאל

בלייבט שטיין אין טיר

דע־סילווא, דאָס בין איך. ערלויבט איר מיר
שוין נענטער צוגיין מיט מיין הרם
צו דעם פאָרשטייער פון כשר'ע נשמות?

סילווא

אוריאל! דאָס הייליגסטע אין זיך,
דעם גרעסטן חוב, פאַרהילכן מיר צו אָפּט...
איך מוז אייך זאָגן: איך האָב אייך פאַר'משפט
קעגן ווילן מיינעם.

אוריאל

יאָ, איך ווייס.
דערביי האָט איר פאַר מיר אַזאַ מין וועג
געלאָזן פריי, מיט וועלכן איך האָב נישט
געקאָנט זיך לאָזן גיין.

דע־סילווא

און אויך בין איך
גערירט מיט דעם, וואָס איר זיינט נאָך אַזוי
פאַרבונדן טיף מיט אונזער פאָלק, הגם
כ'געפין די גרונטן אייערע, פאַרשטייט זיך,
פיל צו וועלטליך, ווי יהודית געפיל

צו אײַך. געפֿין איז, איר אַ יצר הרע
סתם. נאָך יעדנפֿאַלס באַגריס איך אײַך,
מײַן ליבער קרוב, און איך לייג אײַך געען
פֿאַר מײַן האַנט, ווײַל אונזער אַמסטערדאַם
וועט בײַ אַזאַ מין פּשרה פֿאָרט פֿאַרמאָגן,
ווי ביז הײַנט, אין זײַנע אַלטע ווענט
אַ טיפֿן שכל און טאַלענט.

## אוריאל

איך זע נישט
קײַן שום מיגלאַכקײַט, דע=סילוואַ. כ'בין
באַגליקט באמת מיט אַ מלאכ'ס ליבע,
אָבער מאָג איך צונעמען פֿאַר זיך
דעם אוצר, וואָס איך קען נישט האַלטן בײַ זיך?

## סילווא

ניין, איר קאָנט ס'איז דאָ דערצו אַ מיטל.
איך בין ערשט ניט לאַנג געוועזן אין בית=דין.
די אַסיפֿה האָט די זאַך באַטראַכט
און איז צו אײַך ניט קשה. וואַן=דער=סטראַטענ'ס
איידעם וועט מען זען די פּראָצעדור
פֿון תשובה ניט צו מאַכן זייער שווער
מיט צו פֿיל פּרטים. גייט אַהין. מען וואַרט
אויף אײַך. אָן אימה קענט איר אין פֿאַרווערטע
ערטער קומען. דרײַ מאָל קלאַפּט אין טיר
פֿון בית המדרש אָן, און זאָל אײַך ווייניג
האַרן דער המון, ביז וואַן דער שמש
וועט צו אײַך אַרויס. איר וועט מיט אים
אַרײַן אין בית-דין-שטוב, וואו ר' עקיבא
וועט אַ ביסל שמועס'ן מיט אײַך —
און גאָר. די בית-דין האָבן צאָפּגעמאַכט אַזוי.

### אוריאל

איך הער זיך צו און בין דערשטוינט, דע=סילוואַ.
זאָגן שלום אײַך בין איך געררופן,
כ׳בין דערצו געקומען. וועגן וואָס
דערצײלט איר?

### סילווא

וועגן אײַער תּשובה.

### אוריאל

וואָס?

### סילווא

איר שײַנט אַזוי דערשטוינט צו זײַן... איר מוזט דאָך,
מיין איך, וויסן: נאָר די תשובה קען
פון אײַך אַראָפּנעמען דעם חרם.

### אוריאל

תשובה?
פרעמד איז מיר דאָס וואָרט! עס לייגט זיך קוים
אויף מײַנע ליפּן גאָר... דע=סילוואַ, ווער
האָט אײַך געזאָגט, אַז איך פאַרלאַנג פון חרם
זײַן באַפרײַט?

### סילווא

אַקאָסטאַ! קומט צום שכל!
מיינט איר ערנסט, אײַער קרענקליך דענקען
איז אַ ווילנקראַפט פאַרוואַנדלען? אײַך
איז דאָך גאַנץ גוט באַקאַנט: מיט אײַך די טאָכטער
פירן צו דער חופה וואָלט געוועזן
אַזאַ מין טריט, ווי זאָגן זיך אַליין:
„כ׳בין נישט קײן איד“ און אויסער אַלע זאַכן

דאַרפֿט איר דאָך פֿאַרשטיין, אַז אין אַזאַ
מין לאַגע, ווי איר זײַנט, וועט איר נישט קענען
לענגער זיצן דאָ אין אַמסטערדאַם —
די קריסטן שיצן דאָך ניט אײַך, נאָר אונז.

אוריאל

איך ווייס עס. יאָ. איך ווייס גאַנץ גוט און זיך
שוין לאַנג אַ מיטל ווי עס איז מין טרפֿה׳ן
עקזיסטענץ צו מאַכן מיגלאַך... זאָגט מיר:
אויב איר האָט אין זיך געפֿילט דאָס רעכט
איין איינציג מאָל זיך אָנצורופֿן דענקער,
און אויב איך האָט אויף איין מאָמענט באַשײַנט
דאָס הימל־ליכט, וואו נעמט זיך עס אין אײַך
די מיגלאַכקײַט געלאַסן זאָגן „תשובה״?

סילווא

די תשובה האָט באַשײַנט אויך טריט פֿון העלדן.

אוריאל

דעם העלדנס תשובה איז זײַן נײַסטע גבורה.

סילווא

מודה זיין אַ טעות איז ניט שענדליך.

אוריאל

זיך דעם טעות — אפֿשר; נישט — רבנים.

סילווא

נישט פֿאַר זיך נעמט אָן דער רבי תשובה.

אוריאל

גאָר פֿאַר גאָט? איך ווייס אַליין די וועגן!

סילווא

אַך, אַקאָסטאַ, דאָס געפעלט מיר נישט
אין אייך. איר טאַפּט דעם כבוד מיט אַ מאָל
בשעת כבוד האָט גאָר ניט צו טאָן --
צו קליין און ווערטלאָז איז אַזאַ מטבע,
בעת מען דאַרף זיך השבונ'ען מיט גאָט.
דער הימל, גלויבט מיר, דאַרף די תשובה ניט,
דער דרך ארץ דאַרף זי, דאָס געשטערטע
ליד פון דעם, וואָס לעבט און הערט און זעט —
און זיין שליח איז דער מורה הוראה!
באַטראַכט אַרום דעם גאַנצן בנין — אַ ל ץ,
און גיט אַ קוק אויף זיך... וואָס זיינט איר?
נאָר אַ זאַמד, אַן אַטאָם אין דער וועלט.

אוריאל

פאַר זיך בין איך אַליין די גאַנצע וועלט.

סילווא

איר דאַרפט זיך מער נישט אָנבלאָזן דערביי.

אוריאל

אם כן, איז דאָך די גאַנצע וועלט אַ נישט.

סילווא

איר האַלט זיך פראַנק און פריי. מיט אייער דענקען
טראָגט איר זיך אַזוי ארום. און איך,
בעת איך קוק זיך, ווי געהעריג צו,
אין לעבן פון נאַטור: אין טויט פון ווינטער,
אינ'ם אויפוואַכן פון פרילינג, אָדער
אין פאַרוועלקטע שיינקייט פון דעם הערבסט, —
בעת איך נעם צום אויג דאָס גלאָז צו זען
די פלעקן אויבן, אויפן הויכן סאַטור,

פֿיל איך דאַמאָלסט קלאָר, אַז איך און איר
און מיר צוזאַמען אלע זײַנען גאָרנישט,
מער נישט רינגען אין א גרויסער קייט.
מיר זײַנען פֿרײַ, אויב ס'לאָזט דער סדר עולם!
איינמאָל האָב איך דאָס באַהויפּטן, טאָר איך
שוין אַנקעגן דעם, וואָס די אמונה
פון די אבות הייסט, וואָס האַלט זיך פעסט
שוין טויזנט יאָר — מײַן שכל דרייסט ניט שטעלן.
כ'מוז זיך זאָגן: ס'איז אַ טעות אפשר,
אָבער טויזנט יאָר איז ער דאָך אַלט,
און הונדערט דורות האָט ער דורך די ליידן
פֿונ'ם לעבן זייערן געפֿירט
צום קבר שוין... און איינער נײַער גלויבן,
אוריאל, האָט ער שוין עמיצן
באַגליקט? דעם אמת, זאָגט, אַקאָסטאַ, אײַך
אַליין דאָך אויך אַפֿילו ניט.

## אוריאל

ס'איז מיגלאַך...

יאָ, דע־סילוואַ, עס איז זייער מיגלאַך.
ס'איז, מסתמא, רעכט דעם שטעקן, וועלכער
האָט אַ בלינדן כמה טויזנט יאָר
זײַן וועג באַוויזן, רופֿן אומבאַדעקטעס,
ריינעס, אָפֿן אויג... דער שטעקן
פֿלעגט דעם בלינדן העלפֿן טאַפּן, רירן, אומגיין
און נישט פֿאַלן — ער איז אים אַן אויג
געווען. נאָר פּלוצלונג איז אין פֿינסטערניש
צו אים אַרײַן אַ שטראַל — דער בלינדער זעט,
דער בלינדער קוקט מיט אויגן, ניט מיט'ן שטעקן.
באַצויבערט קוקט ער אָן די זון, די שטראַלן

איִרע... זי פֿאַרבלענדט די ניט־געוואוינטע אויגן...
ער טאַפּט, ער צופּט אַרום, ער ווייס נישט ווי
מען רופט אַלץ און ער גליטשט זיך אויס נישט איינמאָל.
זײַנע יונגע, נײַע אויגן האָבן
נאָך נישט די געוואוינהייט, ווי דער שטעקן
מיט זײַן טויזנטיאָריגער געניטקייט
אין דעם חשק ואפֿלה זײַנעם.
אָבער קען דאָס זײַן, אַז ווײַל דער אמת
גיט נישט מיט אַמאָל דאָס גליק, דאָס פֿולע
גליק פֿון לעבן, ווײַל די ערשטע טריט
פֿון בלינדן זײַנען שוואַכע, זאָל ער מוזן
האַלטן, אַז זײַן אומגעוואוינטער בליק
אין נײַעם יונגן לעבן איז אַ טעות,
און די שמחה זײַנע — אַן עברה.
ניין, דע־סילוואַ! ווי עס זאָל מײַן אויג
נישט ווײ טאָן פֿון דעם נײַעם שײַן דעם שטאָלצן, —
כ׳וועל פֿון אמת — ווייטאָג נישט אַנטלויפֿן!

## סילווא

גייט זיך אײַך מיט אײַער וועג. דער חרם
וועט אײַך נאָכגיין. יהודית וועט סאַנטאָס׳ן
נישט זאָגן נאָכאַמאָל: „ס׳איז ליגן, רבי".
זי׳ט דעם פֿאָטער פֿאַרדערצײַט צום קבר
נישט דערפֿירן, און מיט אײַך וועט זי
אין וואַלד זיך נישט באַזעצן... זײַט געזונט!

ער גייט צום טיר און קערט זיך אום

דער משל אײַערער מיט׳ן בלינדן האָט
נישט ווילנדיג דערמאָנט מיר אײַער מוטער!
טיף אַקאָסטאַ איז אין פֿאָלק בײַ אונז
די קראַפֿט פֿון דער פֿאַמיליע אײַנגעוואָרצלט.

ס׳פלעגט טרעפן, אמת, — גאָר אַ מאָל פלעגט טרעפן,
אַז אַ צווייַג פלעגט אָפפאַלן פון בוים, —
אַזוי האָט אבשלום זיך פון דוד
אָפגעריסן. אָבער שפעטער, נאָכדעם,
שוין אין גלות, בעת דער שווערער יאָך
איז שוין אויף אונז געלעגן, און אין נויט,
אין צרות האָבן מיר געהאַט פאַר זיך
די איינציגע נחמה — דעם געדאַנקען,
אַז אונז ליבן ווייניגסטנס די קינדער,
אַז עס זאָרגט פאַר אונז דער אַלטער פאָטער,
אַז דער ברודער רופט אונז ברודער, — דאַמאָלסט
האָבן מיר זיך ענגער נאָך פאַרשלאָסן
אין געפיל צו אַכטן אונזער הויז.
מיר פלעגן אָפט פאַרגעסן אונזער פרייַהייט
נאָר צוליב די זיידעס אַלטער וועלט.
און אום צו טאָן אַ דרייסטן טריט אין לעבן
פלעגן מיר גאַנץ אָפט געדולדיג וואַרטן
אויף דעם זיידנס און דעם טאַטנס פטירה.
זי נאָר ברענגט דעם חרות. נאָך דעם טאָג מען
שוין אַרויסשטעלן די פאָן פון אונזער
וואונש, פון אונזער מיינונג פראַנק און פריי!
דאָס אַלץ איז נאָר אַ חלום, אוריאל?
עס האַרט אייַך גאָרניט פאַר די נאָנטסטע לייַט:
מנשה׳ס צער? יהודית׳ס געפיל דער צאַרטער?
אוריאל! באַטראַכט מיט זיך אַליין:
ווער דאַרף דאָ גובר זייַן — דער פרייַער גייַסט,
אָדער דאָס האַרץ. אין גרונט פון דער נשמה
קוקט אַרייַן, און טוט אַזוי, ווי ס׳הייסט אייַך
אייַער איידלקייַט... פאַרבלייַבט געזונט!

ער גייט אוועק

## פֿינפֿטער אויפֿטריט

### אוריאל אַליין, שפּעטער שמעון

**אוריאל**

איז איידעלער די ליבע ווי דער אמת?
איך קען אַסך אַזעלכע, וואָס צוטרעטן
גרינג דעם ריינעם גייסט, דעם ערליכן
געוויסן, פֿאָטערלאַנד, אמונה — אַלץ,
וואָס הייליג איז און שטערט געניסן ליבע.
כ'ליב יהודית. נאָר איך וואָלט זיך אַליין
פֿאַרהאַסט, אַז איך וואָלט, ווי אַ וואַקס, צושמאָלצן;
אַז איך וואָלט ווי אַ שעפֿערל געוואָרן
און זיסינקע אידיליען-לידלאַך זינגען.
פֿריער גלויבן און דערנאָך חרטה
האָבן? גייסטלאָז ווערן קעגן זיך
אַליין אַ פּחדן? און די שבועה ברעכן?
ניין! אויף קיין שום פֿאַל נישט! איבערצייגונג
איז דעם מענשנס ערע — ס'איז זיין צירונג.
נישט קיין קיסר, נישט קיין פעלדהער האָט עס
אויפֿ'ן ברוסט אים אויפֿגעהאַנגען — ניין:
די איבערצייגונג איז די גרויסע פֿאָן
אין האַנט, מיט וועלכער ס'איז נישט מיגלאַך שענדליך
פֿאַלן. קלענסטע פֿון המון פֿאַרשאַפֿט זי
אַכטונג, גיט זיי וואָפֿן אין די הענט,
וואָס זיי פֿאַרשמוצן, אויב זיי טרעטן אָפּ
און לייקענען דעם גלויבן אָפּ צוריק.
מיר דוכט, איך הער אין זיך אַ שטימע אָפֿט:
דאָס האַרץ איז דיר געטרייער, ווי דער שכל,
ליבע קען נישט, ווי געדאַנקען, בלאָנדזשען, —
אַנדערש אָבער קאָן איך זיך נישט פֿירן,

ס'הויבט זיך אויף אַ ריִטער — שטאָלץ אין מיִר,
ער גיִט מיִר שפּאָרן צוּ און הייסט אין מיִר
מיין שוואַכקייט שווייַגן, אויב איך האָב אַ טעות.
איז ניִשט מער, ווי קעגן זיך. רבנים
ווען מיך ניִשט צוויִנגען צוּ קייַן תשובה.

וויל אוועקגיין

### שמעון

הינטער דער טיר

קומט אַרייַן אַהער. כ'וועל באַלד אייַך מעלדן.

### אוריאל

שטיִמען? פאַר די פרומע און צבועק'עס
מיך דערזעען אַיִצטער איז אַן אימה.

### שמעון

הינטער דער טיר

קומט אַרייַן אַהער, אין זאַל, וואַרט אָפּ.

עס עפנט זיך די טיר

### אוריאל

דערזעענדיג די אַרייַנקומענדיגע

אָ, גאָט אין הימל! וואָס איך זע! מייַן מוטער!

## זעקסטער אויפטריט

### אסתר, אַקאָסטאַ, ראובן, יואל, אוריאל

אסתר איז בלינד. אוריאל'ס ביידע ברידער פירן זי

### ראובן

זעצט זיך, מוטער, דאָ אַוועק.

פירט זי צום פאָטעל

אסתּר

זי'ט קומען?

יוֹאל

כ'האָב די נעמען אונזערע פֿאַרשוויגן,

אסתּר

כ'וואָלט איר זען געקאָנט!

אוריאל
פאַלט צו אירע פיס

מײַן מוטער!

אסתּר

דו?

דו ביסט עס, אוריאל! די האַנט איז דײַנע.

אוריאל

קענסט נאָך דעם פֿאַרשאָלטענעם דערקענען?

אסתּר

ס'זײַנען דײַנע האָר, די באָרד, די באַקן,
טרערן פֿליסן איבער זיי... מײַן קינד,
דער הרם האָט דיך נישט אַ האָר געענדערט.

ראובן

אייגנטליך, מײַן ברודער, זײַנען מיר
צוליב יהודית געקומען איצט. די מוטער
האָט געוואָלט דאָס קינד, וואָס האָט איר ליבע
אַזוי דרייסט צו דיר אַנטדעקט... זי האָט
געוואָלט די טאָכטער אירע...

אוריאל

זעען! זאָג,
ראובן, „זעען". מוטער! וואָלסטו נאָר
געקאָנט זי מיט דײַן אויג באַגרײַפֿן...

אסתּר

מ'זאָגט,
אַז זי איז שיין. נאָר שענער, ווי דער חן,
וואָס ווערט פֿאַרוועלקט, איז איר געפֿיל צו דיר,
אין אומגליק דײַנעם האָט זי דיך געשטיצט.

אוריאל

מען האָט איר שוין געזאָגט, אַז איר זײַנט דאָ?
זי האָט שוין לאַנג געוואָלט מײַן מוטער זען,
נאָר איך האָב עס געשטערט. עס איז מיר נישט
באַשערט דאָס גליק זי אָנצורופֿן מײַנע.

אסתּר

כ'האָב דאָס גוט געוואוסט.

אוריאל

געוואוסט? פֿון וואַנען?

יואל

די מוטער וויל דערמיט, משמעות, זאָגן,
אַז דער חרם דײַנער מוז איך שיידן.
וועגן תשובה איז נאָך נישט באַוואוסט.

ראובן

מיר זײַנען, ליבער ברודער, אויסער דעם
צו דיר געקומען, ווײַל מיר קלײַבן זיך

פון אַמסטערדאַם מיט אונזער מוטער פאָרן
אין האַאַג און דאָרטן זיך באַזעצן...

אוריאל

איר אין האַאַג? מיט אונזער בלינדער מוטער?

אסתּר

ס'האַרט עס מיר? איך מיין אין האַאַג, איך בין
אין אַמסטערדאַם — אַזוי ווי דאָ פלעגט זיך
מיר אָפטער דאַכטן, איך בין אויפ'ן טאַגאָ.

אוריאל

וואָס'ט אַזוינס פאַסירט? אַזאַ מין טרהה?

ראובן

נעם פאַר אומגוט נישט, מיין ברודער!

אסתּר

רעדט נישט!

ראובן

די געשעפטן, וועלכע זיינען אונז
געבליבן בירושה פונ'ם פאָטער,
גייען זייער גוט די לעצטע צייט.

אוריאל

דו ביסט אַ מענש אַ קענטיגער געוואָרן
אויף דער בערזע...

ראובן

איצטער...

אוריאל

דריקט מען אייך

אַודאי צוליב מיר?

### יאָעל

ס'ווײַזט אויס אַזוי!

די שונאים דײַנע זעען, אַז דער חרם
האָט אויף דיר אַ קנאַפּע ווירקונג, און ער
בויגט נישט אײַן דײַן גײַסט... זיי זוכן אָבער
ווי עס איז צו ווײַזן וואָס זיי קענען
און זעצן זיך, פֿאַרשטייט זיך, אָן אויף אונז.

### אסתּר

נאָר נישט אויף מיר, נאָר נישט אויף מיר, מײַן זון.

### ראובן

מיר זײַנען, ווי געליימט. איר ווײַכט אונז אויס.
מען גריסט אונז נישט, מען רעדט מיט אונז ניט פּשוט.
אויף אַזאַ מין אופֿן קען מען האַנדלען?
מוזן מיר דאָך פֿאָרן.

### אוריאל

פֿאַר זיך

אָ, זהאַכּבער!

### אסתּר

גערן קלײַב איך זיך אין וועג. כ'וועל שווימען
ווי אַמאָל, איבערן ים. עס העלפֿט נישט.
אָבער דו, מײַן אוריאל, וועסט זיך
קײַן אָרט בײַ אידן נישט געפֿינען. בעת
מײַן לעצטע שעה וועט קומען... ווייסט, מײַן קינד,
אָפּט טראַכט איך בײַ זיך — אַז, וויבאַלד דער טויט
פֿאַרמאַכט די אויגן די, וואָס זעען, וועט ער
מײַנע מוזן עפֿענען צוריק,
מײַן ליכט וועט ווידער שײַנען, כ'וועל די קינדער

מײַנע זען, נאָר דיך װעלן די אויגן
זוכן פֿאַרן טויט און נישט געפֿינען.

אוריאל קערט זיך אפּ בערירט

ס'קומט מנשה'ס טאָכטער עפּעס ניט!

יואל

עס קלאַפּן טירן.

ראובן

כ'הער, עס רוישט אַ קלייד.

# זיבעטער אויפטריט
## יהודית, די פֿריערדיגע

יהודית

איר האָט געװאָלט מיך זען, ליבע הערן,
אָן אַלטע בלינדע פֿרוי מיט אײַך?

שטייט אַ װײַלע באַטראַכטנדיג

אקאָסטאַ

ס'איז אודאי... אונזער מוטער!

קושט איריע הענט

אסתּר

ניין!

לאָז מיר אַליין דײַן פּנים קושן, מלאך.

הודית

כ'האָב שוין לאַנג געװאָלט בײַ אײַך אַ בּרכה
בעטן. כ'האָב געװאָלט די ענליכקײַט
צום בעסטן צװישן זין אין אײַך געפֿינען. ...

אסתּר

גוס. דו לויב מיר אים, מײַן טאָכטער: כ'וועל דיך ליבן.

יהודית

ס'וועט נאָך זײַן אַ צײַט, ווען אַלע
וועלן אים מיט אַלטונג גריסן. איצט,
דערווײַל פֿאַרמאָגט ער אונז.

אסתּר

ווי זיס עס קלינגט!
די בלינדע אויגן פילן דײַן געשטאַלט...
און כ'קען אים פֿאַר מײַן לעצטער שעה אַפילו
דיר נישט אָפּגעבן.

יהודית

אַפילו מיר,
זײַן ווײַב!

אסתּר

זײַן ווײַב? דו וועסט זײַן ווײַב נישט זײַן!
פֿאַרשאַף דעם פֿאָטער נישט קיין צער, קינד!
מנשה האָט דאָך מער נישט דיך אַליין!

יהודית

וואָס רעדט זי, אוריאל? דו האָסט אַנטזאָגט?

זי קוקט אים לאַנג אָן מיט יאוש

פֿאַרגיב מיר, גאָט! איך האָב געוואַגט צו גלויבן,
אַז מײַן ליבע קען מיר גליק נאָך געבן.

זי לאָזט זיך אראָפּ צו אסתּר'ס פיס

### אוריאל

קעמפט מיט זיך. ער קוקט גערירט אן די גרופּע — די מוטער, די געליבטע, די ברודער, וועלכע שטייען פּאַרטרויערט הינטערן מוטער׳ס פֿאָטעל. פֿאַר זיך

יאָ, דע=סילוואַ, ביסט גערעכֿט: אין פֿאָלק
ביי אונז איז טיף די קראַפֿט פֿון דער פֿאַמיליע
איינגעוואורצלט... וואָס זיינט איר אַנטשוויגן?
רעדט! איך קען נישט דעם נסיון טראָגן.

### יהודית

מוטער, זעט: ער ליבט אונז שוין נישט.

### אוריאל

גיפֿט

איז אין מיין ברוסט צוגאָסן. ווי אַ לייב,
וואָס איז פֿאַרוואונדיגט, ווילט זיך שרייען. קוקט
אויף מיר נישט מיט בקה. אַלע טרערן,
וואָס איר גיסט דאָ אין פֿאַרצווייפֿלונג, זיינען
מער נישט גליק און שמחה אין פֿאַרגלייך
צום העלישן פֿייער, וועלכער טרינקט מיינע
אויגן... האַ? איר שווייגט? איר קוקט מיט קימער,
און איר ווילט, איך זאָל דעם שווערסטן קרבן
ברענגען: שכל זאָל איך מקריב זיין
דעם האַרצן מיינעם; איבערצייגונג טרעטן
פֿאַר דער ליבע! אָ, דו שטאָלצער גייסט!
צי וואָס האָסטו זיך ווילד אַזוי דערהויבן איצט?
שטום זיי, ווילדע חיה, שקריצע מיט
די ציינער דיינע נישט! אַ וואָרים ווער׳
און לייג זיך אויף דער ערד אַוועק — זיי נידער,
נידער, נידער! מ׳קוקט, עס קוקט, אויף מיר
דער שטומער בליק פֿון ליבע!

גייט אָפּטרעטנדיג צוריק

וואו זאָל איך
פֿון אים אַנטלויפֿן? וואו זאָל איך אַ שטיצע
פֿון די שטומע אויגן זוכן? לאָז
אַראָפּ די שטומע אויגן, בלינדע מוטער,
לאָז אַראָפּ. איך גיי, איך גיי, איך גיי.

ריקווערטס גייט ער ארויס דורכ'ן טיר אויף דרויסן,
זיינע קרובים זיינען שטארק אויפגערעגט

### יהודית

ער גייט צוליב דער מוטער זיינער!

### אסתר

ניין!

ער גייט נאָר דיר צוליב!

### יואל

זאָל זיין געבענטשט
די שעה! ער וועט שוין אַ בעל־תשובה זיין!

### אסתר

מיין זון! וואו איז ער? לאָז מיך, קינד, צו אים,
איך וויל אים אויסקושן די גלידער זיינע!
אוריאל! ווער האָט אַ הארץ אַ שונא
אים צו זיין? וואו קען מען נאָך אַזאַ
נשמה זוכן? קומט, וואָס גיכער קומט!
מיר וועלן אין די גאַסן הילכיג שרייען:
„ס'איז אַ זון, וואָס האָט זיין מוטער ליב!"
זי בייט ראש אוועק. ראובן און יואל פירן זי

# אכטער אויפטריט

יהודית אַליין בײַם פענסטער

יהודית

אין הויף איז ער. באַדעקט זיך מיטן מאַנטל.
אָן אַ היטל לויפט ער אויפן גאַס.
מײַן גאָט! ער שטעלט זיך אָפּ! ער גייט צוריק?
ער גייט פֿאָרויס! אויף רעכטס, אָדער אויף לינקס?
אויף רעכטס! אַוועק גלײַך צום בית-המדרש.

גייט אָפּ פון פענסטער

גאָר אומגעריכט אַזוי! און אפשר פֿאָרט
פֿאַר מיך? גאָר פלוצלונג. אפשר נישט באַטראַכט?
און אויב ער וועט דערנאָך חרטה האָבן?
גאָט! עס ווערט אין מיר מײַן בלוט פֿאַרקילט!
איז דאָס פֿון הימל שוין אַזוי באַשערט,
אַז ווײַבער זאָלן אייביג זײַן אַ קללה
פֿאַר דעם מאַנסביל און פֿון בראשית אָן
זײַן גייסט פֿאַרשוואַכן? טויט און מאַכטלאָז איז
זײַן בליק געוועזן, קאַלט — די הענט, די קני
געציטערט.

רוקט זיך אַרויס פון פענסטער און רופט

וואַרט, אַקאָסטאַ! קער זיך אום!
שוין שפעט! דו, מזל, שטראָף אונז מיט רחמנות!

פאַלט אין פאָטעל

דער פֿאָרהאַנג פאַלט



# פערטער אקט

אין בית המדרש

אַ נידריג חדר'ל. רעכטס אין לינקס אָפענע טירן. אזוי די ווענט די עשרת הדברות אויסגעמאָלט. אין הינטערגרונט טיילט אַ גרויסער פאָרהאַנג אָפּ דאָס חדר'ל פון בית-מדרש גופא, וועלכן מען דערזעט נאָכדעם.

## ערשטער אויפטריט

דע-סאַנטאָס און דע-סילווא, שפעטער אַ שמש

### סילווא

מען האָט צו אים גאָר קיינעם נישט דערלאָזט?

### סאנטאס

אַליין איז ער געבליבן, על פי דין.
נאָך אויפ'ן שול-הויף, וואַרטנדיג ביים טיר,
האָט ער דעם אצבע אלקים דערקענט.

### סילווא

קיין שטיינער וואַרפט נישט אצבע אלקים.

### סאנטאס

דער כעס פון זיין פאָלק האָט אים באַוויזן
דאָס, וואָס ער האָט נישט געוואָלט פאַרשטיין.
פאַרהאַסט, פאַר'חוזק'ט, אין צוריסענע
בגדים, איז ער אויפ'ן הויף געלעגן
אין חלשות. איצט אין איינזאַמקייט,
אינגאַנצן אָפּגעזונדערט פון דער וועלט,
וואָס וואָלט געשטערט אים טיפער זיך באַדענקען,
וואַרט ער אויף מחילה און באַפרייאונג.

סילווא

זאָל דער אויבערשטער אים ביידע זאַכן
שיקן. ווייס ער, אַז ס'איז קראַנק זײַן מוטער?

סאנטאס

ניין. די ברידער האָבן געוואָלט צו אים
אַרײַנגיין, אָבער ער וואָלט אפשר האַלטן
די ידיעה פאַר אַ שלעכטן סימן.

סילווא

אַן אַ זײַט

גרויסמוטיג פון זייער זײַט.

סאנטאס

מנשה'ס

טאָכטער, די חצופה, וואָס'ט אַזוי
פאַרהאַסט מײַן חרם, איז דאָ אויך געווען,
געוואָלט אַרײַן...

סילווא

איר אויך נישט צוגעלאָזט?
גאַנץ אַמסטערדאַם איז פול מיט דער ידיעה
וועגן צווייטן וואַנדערסטראַטען'ס אָנזעץ.
בן־יוחאי, ווי אַ געניטער סוחר,
האָט פאַרשטאַנען ווי אַ פלאַנטער אים
צו וועבן קונציג. זאַרגלאָז האָט געלעבט
מײַן שוואָגער אין זײַן פאַרק, ביי די פאָנטאַנען,
צווישן בילדער און סטאַטועס. תמיד
פלעגט ער נאָר אין זינען האָבן קונסט
און ציען זײַן פרנסה פון די רענטעס.
מיט אַמאָל האָט אים דער אָפּגעזאָגטער
התן אויסגעשטעלט אַ נעץ — אַזוי,

ווי ס'טוט זיך אין פּאַריז און לאָנדאָן, בעת
מען וויל די בערזע־הענדלער מיט אַמאָל,
ווי היינט, אַראָפּלאָזן דערשטיקן ווען
וואַנדערסטראַטען זינקט. יוחאי, צוהיצט
פון אייפערזוכט, צוזאַמען מיט נקמה,
זוכט פונדעסטוועגן אַ וועג צום שלום.
מער ניט ווי איין וועג אָבער איז פאַראַן...
וועט יהודית ניט וועלן? קען דאָס זיין?
וועט זי ניט האַלטן פאַר איר גרעסטן חוב
צו אָפּפערן מיט אַלץ, וואָס איר איז ליב,
וואָס זאָל אַפילו קאָסטן איר דאָס לעבן, —
נאָר צו ראַטעווען דעם פאָטער, וועלכער
קען אַ טאָג נישט בלייבן אָן זיין עשר?
דאָס, וואָס זי'ט פון אוריאל געפאָדערט
פריער — תשובה צוליב איר, דער מוטער
און די ברידער, — מוז זי איצט אַליין
צוליב איר אַלטן פאָטער קענען אָפּטאָן.
דאָס, דאָס אַלץ האָט איר פון אים פאַרשוויגן?

סאַנטאָס

קיין ידיעה פון דער וועלט טאָר אים
נישט גרייכן, כל זמן זיין נסיון גייט.
אַפילו ביי די קריסטן איז אַזוי.

שמש

קומט אריין

אַ בריוו צו אוריאל אַקאָסטאַ.

סאַנטאָס

ווייסט

איר ניט, אַז ס'איז פאַרווערט מקבל זיין?

שמש

דאָס האָט געבראַכט זײַן ברודער ראובן
און בעט מיט טרערן שוין אים אָפּגעבן.

סאַנטאָס

קערט אום צוריק! מען טאָר אין דאָס געצעלט,
וואו אַ בעל תשובה איז פאַרשפאַרט, נישט ברענגען
בשורות פון דער וועלט.

סילוואַ

וואו שטייט עס? זאָגט מיר!
איר פאַרבאָט אַ שטילן זיפץ צו אים
אַרײַן. איר לאָזט אים נישט דערוויסן זיך
זײַן כלה׳ס שווערע לײַדן, וואַנדערסטראַטען׳ס
אומגליק? אײַך איז דאָך באַוואוסט, אַז ער
האָט זיך באַשלאָסן אויף דער תשובה נאָר
צוליב זײַן מוטער און זײַן כלה. איצטער,
ווען ס׳איז אויך געוואָרן אַנדערש, איז עס
ערליך צו באַהאַלטן דאָס, וואָס שיקט
צו אים דער מוטער׳ס צער, דער כלה׳ס פּײַן?

סאַנטאָס

זעט: ס׳גייט אַהער ר׳ בן־עקיבא. ער
איז שוין, אָן עין הרע, אַ בן־תשעים.
די אמונה און יראת שמים
זײַנע האָבן אים פאַרהיט. ווײַל ער
איז פעסט און האַלט דעם דין, איז ער ביז איצט
נאָך פריש. ער וועט אַקאָסטאַ׳ן מיט זײַן האַנט
דעם נוסח פון דער תשובה באַלד דערלאַנגען.
גייט אַהין, צום קהל אין בית־מדרש.
נאָך אַ שעה. איר וועט זיך מער נישט פלאָגן.

סילווא

כ'גיי אוועק. מײַן עצה איז, איר זאָלט
דעם בעל־תשובה ניט צו שטערונג באַהאַנדלען.
מ'דאַרף זײַן דאַנקבאַר, וואָס אַזאַ מין מענש
בויגט אײַן זײַן גייסט פאַר קהלה און רבנים
כ'וויל שוין, אַז דער טאָג זאָל גוט אַראָפּ.
מיר זאָלן נאָך נישט האָבן קײַן חרטה,
וואָס אַקאָסטאַ ווערט אַ בעל תשובה.

אָפּ

## צווייטער אויפטריט

ר' בן־עקיבא, אַ זקן. אים פירן צוויי איינגערע רבנים. דער רב וואַן־דער־עמבדען מיט אַ פאַרמעט געוויקלט, ווי אַ מגילה. סאַנטאָס, שפּעטער אוריאל

עקיבא

מען האָט אים צוגעפירט צום אויבנאָן בײַם טיש

דער נוסח איז שוין פאַרטיג, וואַן־דער־עמבדען?

עמבדען

רבנו בן־עקיבא! ער איז דאָ
שוין אָנגעשריבן אויפ'ן פאַרמעט.

עקיבא

זאָל
דער בעל תשובה נאָך אַמאָל אַהער
אַרײַנגיין... שוין צום לעצטן מאָל. איר אַלע
זעצט זיך דאָ אַנידער אַרום מיר
און גלויבט, עס איז נישט איין מאָל שוין געווען.

סאַנטאָס

אַקאָסטאַ גייט אַהער.

### עקיבא

יאָ... יאָ... שוין אַלץ
געוועזן... זעצט זיך צו, רבותי! זאָל
וואַן=עמבדען אַלץ פֿאַרשרײַבן, אַז די ווערטער
זאָלן ניִשט, ווי רויך, אין לופט פֿאַרשווינדן...
יאָ, רבותי — ס'איז שוין אַלץ געוועזן,
גלויבט מיר: אַפּיקורסים, משומדים
און סעקטאַנטן... יונגוואַרג האַלט עס אַלץ
פֿאַר נײַעס, אָבער ס'איז שוין אַלץ געוועזן,
די גמרא קען איך אַלץ דערציילן.
אֵין כָּל חָדָשׁ תַּחַת הַשָּׁמַיִם *)

אוריאל קומט ארײַן פֿאר'חלש'ט, בלאס

זעצט זיך צו, אַקאָסטאַ, דאָרטן שטייט —
רבותי, דאָרטן שטייט אַ שטול? מיר דולט זיך?
האַ? אַקאָסטאַ זעצט זיך צו... איר ווייסט:
איך בין, השם יתברך, אַ בן תשעים,
און צו נײַנציג יאָר זײַנען די פּיס
שוין אויסגעמאַטערט... אויסגעמאַטערט... יאָ.

### סאנטאס

דעם קירצסטן זמן האָט איר דערווײַלט, אַקאָסטאַ!

### עקיבא

וואַרט, דע-סאַנטאָס! מיט אַקאָסטאַ'ן ריידן
הײַנט לאָזט מיר — ס'איז בן=עקיבא'ס עסק.
יאָ... עס איז שוין אַלץ געוועזן... פֿאַרשטייסט,
מײַן יונגער אוריאל אַקאָסטאַ: צוויי
דרכים זײַנען דאָ פֿאַר די, וואָס צווייפֿלען,
בעת עס האָט זיי שוין דערעסן צווייפֿלען.

---

*) השמש איז צוליב'ן יאמבוס פֿארביטן מיט השמים.

איין וועג — תשובה: ער איז קורץ, נאָר האַרב;
דער צווייטער וועג איז לײַכטער, אָבער — לאַנג.

אוריאל

איך וויל דעם קירצערן... דער׳הרג׳ט מיך,
נאָר גיך... איך וויל זיך נישט אַרומזען, ווי
איך שטאַרב...

עקיבא

וואָס דאַרפֿט איר מהר זײַן אַזוי?
די יונגע פּיס? צו דער מנוחה האָבן
זיי דאָך צײַט און קענען לאַנג נאָך דינען
ביז׳ן לעצטן וועג. ניט אונז איז דאָך
דײַן תשובה נויטיג, נײַערט דיר אַליין.
וואָס לויפֿסטו מיט אַזאַ מין אימפּעט? דו
ביסט נישט מחויב מיר די תשובה ווײַזן.
כ׳וועל נישט זוכה זײַן, וועט זען דער בורא.

אוריאל

ווי פיל מאָל בין איך מחויב ווידער
איבעררײדן דאָס, וואָס איך האָב שוין
אַזוי צו אָפֿט גערעדט?

עקיבא

ניין, ניין. איך זע,
אַז דו ביסט גאָר אַ גרויסער אַפּיקורס...
פון חז״ל, תעניתים, תשובה, דינים
האַלטסטו נישט. עס איז אַזוי געווען
תמיד, תמיד איז אַזוי געווען.
כ׳פֿרעג בײַ דיר צום לעצטן מאָל: ביסט מודה
מיט דײַן גאַנצן האַרצן, אַז דו ביסט
אַ חלול שם באַגאַנגען מיט דײַן חבור?

### אוריאל

גאָט, וואָס איז פֿאַר אידן נאָר אַ גאָט,
האָב איך באַליידיגט אָפּט און ניט פֿאַרשטאַנען —
ס'איז אין פּראָטאָקאָל פֿאַרשריבן שוין.

### סאַנטאָס

דאָס אַלץ, וואָס דו ביסט מודה, איז נישט מער,
ווי כזב שקר, צווייזיניג, סאָפיזמען, —
דו באַוויַיז, באַוויַיז כדרך וואָס
דו גלויבסט!

### עקיבא

באַוויַיזן, סאַנטאָס? וואָס? באַוויַיזן?
מ'טאָר אַזוי נישט ריידן מיט אַ קראַנקן...
קען אַ מענש באַוויַיזן דאָס, וואָס ער
איז מאמין? האָט נישט קיַין פּאַראַיבל, סאַנטאָס:
מעשה אַפּיקורס רעדט איר אָפּט
אַליין... „באַוויַיזן". ווי געפּעלט עס איַיך
אַביסל, האַ? באַוויַיזן איז די זון —
זי שיַינט! דאָס פֿיַיער איז באַוויַיזן — ס'ברענט,
באַוויַיזן איז דער רוח אלקים —
מיר ווייסן דאָס פֿון תּורה שבעל פּה.
פֿון איַיך אָבער באַדאַרף איך קיַין באַוויַיז נישט.

### וואַן־עמבדען

על כן, זאָג אונז איינפאַך, וואָס דו גלויבסט?

### אוריאל

כ'האָב דאָך געזאָגט, כ'האָב ווידערהוילט... אַז גאָט
האָט אויסדערוויילט די אידן פֿאַר זיַין פֿאָלק,
נאָר זיי באַהיזן זיַין געשטאַלט. מיט זיי

אַליין געהאַט צו טאָן, מיט זיי אַליין
גערעדט און זיי אַליין דערלאַנגט אַ כתב,
וואו יעדעס וואָרט און יעדער אות דאַרף זײַן
פֿאַר אונז אַ הייליקייט. איך גלויב, אַז מיך
האָט שלעכט פֿאַרפֿירט מײַן שכל, אַז מען טאָר
אין גאָטעס ווערטער זיך נישט גריבלען. דאָס אַלץ
זאָג איך ווידער, גלויב איך. גלויבנדיק
בין איך אײַך דאַנקבאַר פֿונ'ם גאַנצן האַרצן,
וואָס איר בעט נישט קײַן באַווייז בײַ מיר.

## סאַנטאָס

עקשנות מער ניט הערט זיך אין דײַן תשובה.

## עקיבא

גיי, אַקאָסטאַ, מיטן לאַנגן וועג,
און דו וועסט זען, ווי אַלץ, וואָס דו ביסט מודה
מיט'ן צונג, וועט זיך פֿאַרפֿלאַנצן טיף
בײַ דיר, אין האַרצן. מיט'ן לאַנגן וועג,
אַקאָסטאַ, גיי... שלום ושלוה וועט ער
דיר ברענגען פֿאַר דער נשמה דײַנער
אַלע אַפּיקורסים זוכן, פּונקט
ווי דו, צו פֿאָרשן מיטן שכל. די
גמרא זאָגט, אַז די, וואָס ווילן צופֿיל
וויסן, האָבן רק אַ טעות. ס'איז
געווען

ער ווענדט זיך האַלב צו די רבנים

אַמאָל אַ גרויסער אַפּיקורס
אלישע בן אבויה האָט מען אים
גערופֿן, און געווען איז ער אַ תּלמיד
פֿון אַ גרויסן תּנא, און אַליין
האָט ער געהאַט אַ תּלמיד — דעם מפֿורסם

רבי מאיר...

*ער הויבט זיך אויף פון שטול*

ווײַל ער האָט געצווייפֿלט
האָט מען אים אַרײַנגעלייגט אין חרם...
בן-אבויה איז געווען, ווי דו.
מיט אימה פֿלעגט מען אויסריידן זײַן נאָמען
און מען האָט אים אָנגערופן אַ ח ר...
„אַחר” מיינט מען דאָס אַן אַנדערער,
און אַנדערש רופֿט אים די גמרא נישט.
אַן אַחר איז געבליבן בן=אבויה.
בעת ער איז געשטאָרבן, איז פֿון קבר
זײַנעם אומגעריכט אַרויס אַ רויך
אַ שוואַרצער און איז לאַנג געגאַנגען, ביז
ר' מאיר האָט מיט זײַנע תּפֿילות אים
פֿאַרגרינגערט דעם חבוט הקבר זײַנעם.
ער, דער תּלמיד, איז געווען מתפּלל
פֿאַר זײַן רבין, און דער רויך פֿון קבר
איז אַוועק... אַזאַ מין אַחר ביסטו
אויך... יאָ... יאָ... עס איז שוין אַלץ געווען.

*ער זעצט זיך*

אוריאל

איר מיינט, איך האָב געוואָלט באַווײַזן נייס...
דער רויך פֿון אַחר איז געווען דער פֿלאַם
פון זײַן נשמה. וואָס מען האָט פֿאַרשטיקט;
זײַן פֿייערדיגער גייסט, וואָס איר האָט אים
צערײַנגעשטופּט אין קבר פֿאַר דער צײַט.
כ'בין אַ אַחר — יאָ, איר זײַט גערעכט,
אַן אַנדערער בין איך, כ'בין אַלע מאָל
און אומעטום אַן אַנדערער, ווײַל נאָר

אזוי, אין אַנדערש זײַן, איז דאָס געווער
פֿון אייביקער באַוועגונג. די גמרא
פֿאָדערט קאָמענטאַריען — הערט מיך אויס!
איך מיין, געלעבט האָט גאָר קײַן אַחר נישט.
דער „אַחר" איז אַ בילד פֿון ריינעם דענקען.
נאָר אין דעם, וואָס איז נישט איך, אין צווייטן,
קען איך זעען, ווער איך בין אַליין,
דעם אונטערשייד געפֿינען און דעם אמת
זעען... אַחר איז דער שענסטער סימבאָל
נאָר פֿון צווייפֿלען. די אמונה נערט זיך
מיט'ן צווייפֿל, און אַ דענקער מוז
אַן אַחר זײַן. פֿאַרשטייט זיך, די גמרא
איז אַפֿילו קליגער, ווי איר אַלע,
און דערפֿאַר האָט זי דעם אַחר אירן,
וועלכער איז אַ בילד, אַ מיף, נישט מער,
געגעבן פֿאַר אַ רבי'ן און אַ תּלמיד
גרויסע צוויי תּנאים — ביידע פֿרומע,
ווײַל אמונה נעמט איר קוואַל פֿון צווייפֿל.

## עקיבא

פֿאַנטאָס! כ'האָב, משמעות, נישט דערהערט?
אלישע בן אבויה נישט געלעבט?
וואָס די גמרא האַלט פֿאַר אמת, איז
אַ בילד, אַ מיף, נישט מער? און דאָס, וואָס יעד-
גלויבנדע נשמה אַנערקענט
פֿאַר אַ בשר ודם, וואָס יעדער קען
ווי ס'דאַרף זײַן, אָנטאַפּן און זען — דאָס אַלץ
איז נאָר אַ וואָלקן, נאָר אַ רויך, וואָס האָט
ערשט שפּעטער אין אַ מענשן זיך פֿאַרוואַנדלט?
ניין! צו ביי איז מיר אַזאַ מין פּשט —

ער וואָלט שוין בעסער נישט געוועזן! גיט
דעם כתב התשובה גיכער אים אַוועק!

סאַנטאַס

דער מזל וועט איַיך אפשר צווינגען, בויגן
אייער קאָפּ. די תשובה — נישט אַ האָר.
די ליפּן ריידן וואָס מען הייסט איַיך, אָבער
אייער שטאָלצער גייסט איז וויַיט דערפון.
ביַים ארון קודש, פאַרן גאַנצן עולם,
וועלכער האַלט זיך שוין איין קלייבן, וועט איר
בפרהסיה לייענען די זינד,
וואָס איר זיַיט כלומרשט מודה.

אוריאַל

שוין? דעם עולם?

עקיבאַ

לייענט דורך אַליין, וואָס דאָרטן שטייט,
אַז איר זאָלט קענען פאַרן עולם לעזן
כדבעי, דיינע'ך... דו'סט געהערט?
ס'האָט נישט געלעבט דער אחר גאָר! איר לעבט דאָך,
יאָ, אַקאָסטאַ? היינט פאַרוואָס זאָלט איר עס
האַלטן בן־אבויה פאַר אַ מיף?

אוריאַל

ס'איז אמת! צופיל אמת: יאָ, איך לעב!

עקיבאַ

אודאי! זעט איר! אם כן, האָט דער אחר
אויך געלעבט! יאָ, יאָ, מיַין זון, וואָס גיכער
ווער אַ בעל תשובה, אַז דיַין שכל
זאָל זיך ליַיטערן, און דו זאָלסט נאָכדעם

קענען פּלײַסיִג לערנען גמרא... אַלע
אַפּיקורסים האָבן פּונקט אַזוי
פֿאַרענדיִגט — אויך מיִט תּשובֿה... דאָרטן, אויבן
וועט וואָס נײַס געשען... אָבער, דאָ,
דאָ איִז שוין אַלץ געווען... יאָ, געווען...
ער גייט צום טיר
ניִשט פֿאַרגעס צו לערנען גמרא פּלײַסיִג,
יונגער צאַר! אַלץ איִז שוין געווען...
אָפּ

# דריטער אויפֿטריט

## אוריאל אַליין, שפּעטער ראובן

### אוריאל

קוקנדיג אין פּאַרמעט

אַ שענדליִכער געשריִפֿט! איִן ברוסט בײַ מיִר
ביסטו מיִט רויטע וואונדן אײַנגעשקריִצט
און שטעכסט ניִט ווייניגער ווי דאָ, וואו איך
האָב דיִך דערזען מיִט פּײַלן, גיִפֿט און מעסערס
אויפֿגעשריִבן: דײַנע וואונדן וועט שוין
קײַן באַלזאַם ניִשט אויסהיילן, און אויב
זיי וועט די צײַט פֿאַרהיילן ווען עס איִז,
וועט זייער שפּור ניִט זײַן דער ערן־שפּור,
וואָס עס פֿאַרמאָגט די ברוסט פֿון דרייסטן העלד.
בײַ מיִר אין תּפֿיסה הײַנט בײַנאַכט האָב איִך
געזען די מוטער מײַנע. זאַנפֿט, מיט צאַרטקײַט
האָט זי מיִך געטרייסט... און נעבן איִר
איִן גלאַנץ, באַשטראַלט, ווי מיִט דער שכינה, איִז
יהודית געשטאַנען... כ'האָב זיִך אויפֿגעכאַפּט, —
מײַן תּפֿיסה־וואַנט האָט קאַלט אויף מיִר געקוקט.

מיט כעס האָב איך זיך אָן האַלילײ
דערמאַנט! אָ, האַלילײ! אין פֿײַער האָסטו
מדה זײַן געמוזט, אַז ס'שטייט די ערד,
נאָר ווי מען האָט דיר אָפּגעלאָזט, ביסטו
שוין ווידער אויפֿגעשפּרונגען, און דײַן קול
האָט ווי אַ דונער פֿאַר די קאַרדינאַלן
אויסגערופֿן שטאָלץ: „זי דרייט זיך פֿאָרט!"
און דײַן „זי דרייט זיך פֿאָרט!" האָט מיר מײַן רו
באַרויבט. און וואו איך קער זיך, אַלע ווײַלע
קלינגט אין מוח מיר: „זי דרייט זיך פֿאָרט",
„זי דרייט זיך פֿאָרט"...

ס'הערט זיך תּהלים זינגען... שטימען פֿון קינדער

זיי זינגען, זיסע קלאַנגען!

זאַנפֿטע, צאַרטע, קינדערשע נשמות!
אָן אַ ווילן הויבן זיי די שטימען
פֿאַר נקמה! מוז עס זײַן אַזוי?
אָ, גאָט אין הימל! ווי דערלאָזטו מיר
אַזוי זיך בויגן? איז קיין האַנט ניטאָ
צו שטיצן מיך אין ערגעץ?

ראובן
הינטער דער טיר

כ'מוז! לאָזט דורך!

איך מוז צו אים אַרײַן!

אוריאל

מײַן ברודער'ס קולות!

ראובן
קומט אַרײַן

אוריאל!

אוריאל

נישט פאַר דער חרפּה, ברודער:
נאָך איר וויל איך ליבע זען פון איין.

ראובן

מען לאָזט אונז נישט אַריין צו דיר. די ברידער
אויפ'ן ברודער לאָזט מען נישט אַ קוק טאָן.
האַלט זיך אָפּ! אין נאָמען פון משפחה
זאג איך דיר: מיר וועלן בעסער ליידן,
נאָר נישט צווינגען דיך דיין איבערצייגונג
בייטן! טו נישט איבער אונז אַזוינס!

אוריאל

איך האָב דער מוטער פייערליך געשוואָרן!

ראובן

אונזער מוטער! בעת זי האָט געלעבט...
דער לעצטער בליק פון אירע בלינדע אויגן,
וואָס האָט דיך געזוכט אַרום... אומזיסט...

אוריאל

די מוטער טויט? ניטאָ? די מוטער טויט?

ראובן

מען האָט מיין בריוו דיר נישט דערלאַנגט, און איך
בין מיט געוואַלד אַהער אַריין. יאָ ברודער;
אונזער מוטער איז שוין מער ניטאָ,
וואו מענשנס קללות קענען מאַכן ענג.

אוריאל

געשטאָרבן! אויס! נאָר אויב אַזאַ מין ווייטאָג
קען פאַרטראָגן טרייסט, און אויב אַ שמייכל
קען זיך דורך די טרערן איצט באַווייזן,
בין איך גרייט דעם מזל מײַנעם דאַנקען!
גוט, וואָס זי האָט מיך פֿאַר אַ בעל תשובה
שוין געהאַלטן, איידער כ׳בין געוואָרן
און פֿאַרמאַכט די אויגן אירע פֿריער,
ווי כ׳האָב אויסגעליטן ביז׳ן סוף.

ראובן

האַלט אָפּ, מײַן ברודער, דײַן באַשלוס... מיר פֿאָרן
אַלע אָפּ אין האַג, און גאָט וועט אונז
מצליח זײַן.

אוריאל

וואָס רעדסטו? קען איך ווידער
בײַטן מײַן באַשלוס? דו ווייסט דאָך גוט:
מײַן האַרץ געהערט מיר גאָר אינגאַנצן נישט:
אַ העלפֿט האָט מיר באַפֿרײַט צוריק די מוטער,
און די צווייטע העלפט געהערט...

ראובן

יהודית?

אוריאל

מײַן ברודער לאָז מיר, זע: עס ווירקט דער ליבעס
שטומער בליק... עס רופֿט מיך יהודית.

# פּערטער אױפטריט

אין הינטערגרונט דער פאָרהאַנג עפנט זיך. מען זעט דעם בית מדרש. עטליכע טרעפּלאַך פירן צום אָרון קודש. דער בית מדרש איז רײַך באַלױכטן דורך וואַנט- און הענגלײַכטער. אַרום אָרון קודש זיצן: סאַנטאָס, וואַן-עמבדען און נאָך צװיי רבנים אין טליתים איבערן קאָפּ. אוריאל, ראובן

## סאַנטאָס

טרעט צו צום אָרון קודש, אוריאל
אַקאָסטאַ! ס׳וואַרט דער עולם אויף דײַן תשובה.

## ראובן

באַשליסט זיך ענדליך זאָגן אים דעם אמת

ניין, מײַן ברודער, יהודית...

## אוריאל

דעם נאָמען
טראָגט מײַן מזל פֿון הײַנט אָן אויף אײביק.
מוט, מײַן פֿײַגערישע פֿוס! גיִשט קער זיך
רעכטס און לינקס! מײַד אויס דעם קריסטוס׳ קרייץ,
סאָקראַטעס׳ גיפֿט און הוסעס פֿלאַמען-טויט —
פֿאָראויס צום דרײַמאָל שווערן טויט פֿון חרפּה!

ער גייט אַנטשלאָסן צרויף אויף די טרעפּ

## ראובן

וויִ שוידערהאַפֿט זײַן מזל איז! ער ווייס ניט
וואָס בײַ וואַנדערסטראַטען קומט איצט פֿאָר
אין שטוב. ער האָט צוליב דער מוטער אַלץ
געטאָן, איז זי שוין טויט; צוליב דער כלה,
האָט ער איר פֿאַרלאָרן ביז׳ל גרוב.

### סאַנטאָס

אויסרופנדיג

שְׁמַע יִשְׂרָאֵל וְתָגֵל נַפְשְׁךָ
בְּכָל אַרְבַּע כַּנְפוֹת הָאָרֶץ.*)

### אוריאל

לייע־ט פון פּאַרמעט. ס'הערט זיך פוּנדערווײַטן מוזיק

„איך, אוריאל אַקאָסטאַ, פון געבורט
אַ פּאָרטוגאַלער און אַ איד מיט'ן גלויבן,
בין דאָ מודה לפני כל העם,
אַז איך האָב גאָטעס חסד נישט פאַרדינט.
אַ יונגער אינגל נאָך האָב איך דערקענט
דעם גלויבן פון די קריסטן, וואָס מײַן האַרץ
איז ווײַט פון אים... דערנאָך, בעת איך בין
געוואָרן פונדאַסנײַ אַ איד מיט צבועה
און מיט פאַלשקײַט דורך און דורך, בין איך
געווען נישט קריסט, נישט איד, און ביידן האָב איך
טיף געהאַסט, נאָר הויפּטזעכליך געהאַסט
מײַן אייגן פאָלק. וואָס אים איז הייליג, האָב איך
תמיד אויסגעלאַכט; וואָס אים פאַרווערט
דער דין, האָב איך געטאָן... און אומעטום,
וואו כ'האָב קײַן שכל נישט געהאַט דעם אמת
צו פאַרשטיין, פלעג איך זיך פשוט מאַכן
לוסטיג לאַכנדיג דערפון... אַ בוך
האָב איך פאַרפאַסט, פון אשמדאי דיקטירט.
פאַרפלוכט זאָל זײַן די האַנט, וואָס האָט דאָס בוך
געשאַפן: זי'ט די מוטער פון דער וועלט
פאַרטריבן..."

---

*) די כראַזע איז זייער פּאַסיג און טרײַ דעם דײַטשן טעקסט, נאָר מאַכן פון איר אַ פינפפיסיגן יאַמבוס לאָזט זיך ניט.

ראובן

פֿון א זײַט

דײַן שולד איז דערבײַ ניטאָ!

אוריאל

„איך בלוט האָב איך געטונקט די פען, וואָס האָט
דאָס בוך געשריבן... אַלץ, וואָס אין מײַן דענקען
איז געווען קעגן אונזער גלויבן,
איז כזב ושקר. אַלץ, וואָס מיר
האָט זיך באַוויזן פֿאַר אַ קוואַל פֿון שכל,
וואו איך האָב די דורשטיגע גערופֿן
שטילן זייער דורשט — איז נאָר דאָס וואַסער
פֿון אַ כלי פֿאַר דער בהמה, וועלכע
עקלט אונז פֿון אָבות אַבותינו.
רוח אלקים האָב איך געלייקנט,
גאָטעס הויכע ווערטער נישט באַנומען,
די נביאים שלעכט געטײַטשט, פֿון פּשלשן
פּשט מײַנעם געהאַט אַ גרויס הנאה.

זײַן קול ווערט שוואַך. ער שטייט קוים אויף די פֿיס — האַלב אין חלשות.
ביידע רבנים האַלטן אים

איצטער האָב איך זיך דערפֿילט אַזוי
פֿאַרהאַכט אין גאוה, אַז איך וויל דעם פּסק,
וואָס כ'האָב פֿאַרדינט — דעם חרם — אויסקויפֿן
מיט תשובה. און בכדי צו ווײַזן, אַז
איך האַלט זיך שוין נישט גרויס און שעץ די ברידער,
וויל איך דאָ, בײַם טיר פֿון בית המדרש,
לייגן זיך, ווי אַ פֿאַרזינדיגטער,
אויף דר'ערד, און יעדערער זאָל אויפֿהויבן
זײַן פֿוס אויף מיר און איבער מיך...״

ער חלשט

ראובן

וואָס הער איך!

סאנטאס

כאַכט אונטער דעם פּאַרמעט. הויך

„ווײַל איך דאָ בײַם טיר פֿון בית=המדרש
ליגן זיך, ווי אַ פֿאַרזינדיגטער,
אויף דר'ערד, און יעדערער זאָל אויפֿהויבן
זײַן פֿוס אויף מיר אַון איבער מיך אַרויסגיין
פֿון בית=מדרש".

ראובן

ניין! צעטרעט מיך אויך
מיט אים צוזאַמען. אַנדערש לאָז איך ניט!

## פֿינפֿטער אויפֿטריט

סילוואַ, בן=יוחאי קומען ערשט אַרײַן אינעלנדיג

סילווא

וואָס ווילט איר אָפּטאָן, בן=יוחאי! באַטראַכט זיך!
שעמט זיך: אײַער גליק האָט אײַך פֿאַרבלענדט...

יוחאי

איר זעט — דער בעל-גאוה וואַלגערט זיך
אין שטויב! און זאָל ער וויסן, זאָל ער הערן,
ליגנדיג אויף דר'ערד, אַז אים האָט בײַז
פֿאַרפֿירט דער חשבון זײַנער — פֿאַר אַ מת
האָט ער געבראַכט זײַן קרבן — יהודית
איז מײַנע שוין, און דעם טבעת קדושין
אָנטאָן איר וועל איך אַצינד, נישט דו.

ער גייט אוועק פאַרבײַ דעם אָרון קודש

### סילוואַ

אָ, כּוחות פֿונ׳ם שיקזאַל! איר זײַנט עס
די זעלביגע, וואָס היטן אויף די טיר
פֿון הימל? כּרובים מיט׳ן שווערד פֿון פֿײַער
זײַנען עס מלאכים, אָדער ס׳זײַנען
ביידע רוחות? ווי האָט עס געקאָנט
פּאַסירן? כ׳שטיי און טראַכט און טענה דאָ,
בעת עס טריאומפירט אַזוי אַכזריות.

ער קוקט אין בית-המדרש אַרײַן

בן-יוחאי וויל אַריבערגיין
דער ערשטער... אומפֿאַרשעמטער מענש! — דו ווערסט נאָך
האָבן אַ מפּלה ווען עס איז!
ער וואַגט! ער גייט! אַקאָסטאַ הויבט זיך אויף
מיט האַסט; אין זײַנע אויסגעגלאָצטע אויגן
ליגט אַן אימה. מן הסתם, האָט ער
דערהערט יוחאי׳ס רייד. ער רײַסט אַראָפּ
דעם קיטל. אַלע טרעטן אָפּ דעם וועג,
ער לויפֿט אַהער... שלים-מזל! איך האָב נאָך
געמיינט, עס איז פֿון גאָט!..

## זעקסטער אויפֿטריט

סאַנטאָס, עמבדען, רבנים לויפֿן אַרײַן אויפֿגערעגטע. דער קהל, נאָכדעם אוריאל

### סאַנטאָס

די טירן אויף!
דעם עולם לאָזט אַוועק! אַ חלול שם!

### עולם

מחלל שם איז ער! אַ מורא!

אוריאל

שווייַגט!

איר אַלע שווייַגט! איך קען אייַך אַלעמען!
דאָ שטייט ער, בן-יוחאי, דער גביר ס'איז ער.
זאָג: דו'סט מיך מיט'ן פוס אַ טראָט געטאָן?

סילווא

מייַן אוריאל! דעם מזל'ס ווילן זייַט
געהאָרכזאַם! שטיל און רואיג טראָגט אַריבער
דאָס, וואָס ער האָט אָנגעשיקט אויף אייַך.

אוריאל

איר זייַט דע-סילוואַ.

סאנטאס

אויב דו ביסט געוואָרן
אַ בעל-תשובה פאַר מנשה'ס טאָכטער
מער נישט, האָט דיך שוין באַשטראָפט דער בוראַ:
זי איז דוקאַ בן-יוחאי'ס כלה!

אוריאל

וואָס האָסטו געזאָגט?

סילווא

אַקאָסטאַ! זוכט נישט
אויסצופאָרשן, ווי דער בייזער מזל
רייסט אַרויס אַ קרבן פון אַ קינד.
וואָס איז געשען, פאַרטראָגט ווי ווייט איר קענט.

### אוריאל

קעמפט מיט זיך די בשורה צו באַנעמען. זײַן ברוסט הויבט זיך, די אויגן גלאָצן, ענדליך כאַפּט ער פאַרצווייפלט ס לווא'ן אויפ'ן ברוסט

פאַר מתים צוויי האָב איך מײַן גײַסט דערשלאָגן,
סילוואַ!.. אָ, איר שטערבליכע! איר זײַט שוין
צופיל שטערבליך!

### סאַנטאַס

ענדיג, דײַן נסיון,
דו, מהלל שם! ס'איז נאָך נישט אַלץ!

### אוריאל

ס'איז נאָך נישט אַלץ? הערט אויס: זי דרייט זיך פאָרט!

### סילווא

ס'איז דײַנע ווערטער, האַלילוי.

### אוריאל

אַראָפּ

די שטיינער פון מײַן ברוסט! ווער פרײַ, מײַן צונג!
שטיי אויף, מײַן שכל, און מיט שבש'נ'ס כוחות
פאַרן טויט צערײַס די קייטן דײַנע!
מיט מײַן האַנט וועל איך די זײַלן דאָ
צעברעכן — איך, אַ בלינדער כלי-זמר, וואָס'ט
געמיינט, ער איז אַ העלד און זינגט אַ ליד
פון קומער וויינעם, פון זײַן צער צו מאַכן
לוסטיג אײַך דערמיט. כ'הויב אויף צום לעצטן
מאָל מײַן קאָפּ און זאָג אײַך — הערט מיך אויס:
וואָס איך האָב דאָ געלייענט, איז אַ ליגן!

### עולם

אַוועק, אַוועק פונדאַנ'ט!

### אוריאל

נאַראָנים! מײנט איר
גאָטעס שײַן מיט אײַערע מנורות
צו פֿאַרשטעלן דאָ? איר מײנט די שטערן
גלױבן אױך, װי איר? אומשטערבליך האַלט איר
זיך אַלײן — איר, פֿליגן, אין אַ פֿינסטער
זומער=נאַכט געבױרן און באַגינען
שױן פֿאַרשװאונדן! איר װילט מיט אותיות שמידן,
גײַסט! אין אותיות שמידט איר גאָט אַלײן!
דעם הימל װילט איר אָפּגעבן דער ערד,
װאָס אײַער אױג באַנעמען איז נישט פֿעאיג...
נײן! באַפֿרײַאונג זוכן מיר פֿון יאָך!
זאָל זײַן דער סימבאָל פֿון אמונה שׂכל —
װײַטער נישט! און דאָ, װאו זיכנדיג
דעם אמת, צװײפֿלען מיר אין זיך אַלײן,
דאָ זאָלן בעסער נײַע נעמען גילטן
אײדער מיט אַלטע געטער שילטן!

### סאַנטאַס

מײנסט דו האָסט באַפֿרײַט דעם דענקער — נײן!
אַין דיר רעדט מער נישט, װי דײַן דעמאָן איצט!

### אוריאל

דער דעמאָן מײַנער! יאָ, דע=סאַנטאָס, יאָ!
מײַן דעמאָן רעדט אין מיר פֿון איצטער אָן!
אין דיר נאָר גלױב איך, גרױסער אַדוני —
אין גאָט, װאָס טרעט, װי לײם, די פֿײַנד; אין גאָט,
װאָס פֿײַערט, װי אַ בליץ; אין גאָט, װאָס נעמט
נקמה ביז'ן דריטן דור צװעק.
איך בין אַלײן אַזא מין פֿײַער=גאָט
און דין פֿון הײַנט דעם גרױסן אל נקמות.
אנטלױפֿט

## סילוואַ

חײַט איז דאָס אַוועק! איך וואָלט געריסן
קריעה און דעם קאָפּ מיט אַש באַדעקט
דערפאַר וואָס איך האָב מיטגעהאָלפן דאָ.
דער שומר ענטפערט פאַרן בית המקדש
און אמונה היטן=איַין מדריכים.

## סאַנטאָס

וואָס צו טאָן וועט ר' עקיבא זאָגן
מאָרגן אויף יוחאי'ס חתונה
ועט איר דאָך זיַין באַשטימט, אם ירצה-שם.

דער פאַרהאַנג פאַלט



# פינפטער אקט

אין גאָרטן פון מנשה׳ס וויללע

## ערשטער אויפטריט

**מענער** און **פּרויען** קומען אַן הינטן אויף דער עסטראַדע. ס׳קומען **משרתים**, וועלכע טראָגן אום אויף זילבערנע טעץ גאָלדענע כוסות מיט ווײַן. ענדליך קומט ארויס **יוחאי** אנגעטאָן אין רײַכע חתן־קליידער, **סילווא** און **מחותנים**

יוחאי

מײַן גרוס אײַך, ליבע געסט! ששון ושמחה
הערשט דאָ הײַנט און וואַרט ביז וואַן די שטראַלן
פון דער זון וועלן אין ים פאַרזינקען.
ס׳גריסן אײַך די כוסות, איינגעהילט
אין בלומען. וועמען דאגות דריקן, דער
זאָל זיי באַהאַלטן טיפער אויפ׳ן דעק!
ווער ס׳פילט זיך איינזאַם, זאָל אין טאַנץ זיך שאַפן
מוט! זײַט אַלע וויסן: ווער פון אײַך
וועט אײַלן זיך אַהיים, ווי נאָר ס׳פאַרגייט
די זון, און וועט נישט וועלן וואַרטן ביז
דעם חתנ׳ס קוש וועט מאַכן רויט דער שיינער
כלה׳ס פנים, יענעם וועל איך רופן
בעל קנאה און וועל זאָגן, אַז
ער גיט אַן עין הרע מײַן נצחון.

סילווא

וואַרט נאָך מיט די כוסות איבער הופה!

### יוחאי

גיכער פליט, איר לאַנגזאַמע מינוטן!
בלײַ זײַנען די ווײַזערס אויפן זייגער!
זעט, דע=סילוואַ, זעט: עס גייט מײַן כּלה.
ווידער ווען איר שווײַגן? קענט איר איצטער
אויך ניט זײַן אַנטציקט, בעת איר זעט,
ווי זי האָט מיט איר שיינקײַט בלאָס געמאַכט
דעם גלאַנץ פון אַירע בריליאַנטן.

### סילוואַ

ווי?
קום איך דערצו? איר זײַנט אַזוי פאַרהילכט
מיט אײַער גליק, אַז איר ווערט גאָר נישט קענען
הערן ווענן אים די שענסטע ליד.

## צווייטער אויפטריט

עס קומען נײַע פּאָרן **מענער** און **פרויען**; נאָך זיי יהודית,
אין א ווײַסער הופּה=קלייד, באַגלייט פון מנשה'ן. **די פריערדיגע**, שפּעטער
**א משורר**

### יוחאי

איר זײַנט ברוגז, סילוואַ? גיט אַ קוק
אויף איר? בעת מען איז פאַרטרויערט, פוצט מען
זיך אַזוי דען אויס?

### סילוואַ

אַ כּלה פוצט זיך
קיין מאָל נישט אליין: איר פוצט א צווייטע!

### יהודית

מזל טוב אײַך, ליבע פרײַנד!

צו יוחאי׳ן

עס זײַנען

די פּאַפּירן שוין גע׳חתמ׳ט?

### יוחאי

זײַט נישט

האַרצלאָזיג אזוי, און נישט דערמאָנט

מיט וואָס איך האָב מײַן גרויסן גליק געקויפט.

### יהודית

מײַן פּאָטער! זאָג מיר בפרהסיה: ביסטו

ווידער ווי געווען?

### מנשה

כ׳בין ווידער שוין

מנשה וואַן=דער=סטראַטען.

### יהודית

אומבאַדינגט?

דאָס גאַנצע גליק איז פונדאַסנײַ אין האַנט

בײַ דיר, ווי יענע טעג?

### מנשה

באַרואיג זיך,

מײַן קינד! דער קרבן, וואָס דו האָסט פאַר מיר

געבראַכט, האָט מײַן הצלחה פונדאָסנײַ

פאַרשאַפט. איך שעם זיך דיר צו זאָגן דאָס.

### יהודית

גאַנץ גוט... מיר קענען גיין.

זי נעמט ביין און קען זיך קוים האלטן אויף די פיס

### מנשה

וואָס איז, מיין קינד.

### יוחאי

איר פילט זיך שלעכט?

### סילוואַ

א רגע לאָזט צורו —
נישט נעמט פאר אומגוט נאָך א פּאָר מינוט,
מיר וועלן צו דער חופּה קומען באַלד.

*אלע — אָפּ, אויסער סילווא און יהודית*

יהודית! אַ ווײַלע זעץ זיך צו אַהער
און רו זיך אָפּ בײַם בוים.

### יהודית

ניין, ניין! נישט דאָ,
נישט דאָ! איר זעט דען נישט דעם בלייכן גייסט?

### סילוואַ

מײַן קינד! דו רעדסט דאָך ווי פון חלום.

### יהודית

ניין!
ס'איז אויפ'ן וואָר, און אומבאַוועגליך שטייט ער
פאַר די אויגן.

### סילוואַ

אומבאַוועגליך איז
דײַן בליק, מײַן קינד! דײַן קרבן דאַרף דיך מאַכן
שטאַלץ.

### יהודית

האָט איר געזעען ווען עס איז
ביי שטאָלצע טרערן, סילוואַ?

### סילוואַ

יאָ, געוויס:
אין אומגעדולד! דו דאַרפסט זיך פאַסן מוט.
דו ווייסט, וואָס האָט פאַסירט?

### יהודית

כ'וויס אַלץ און גאָרניט.

### סילוואַ

קינד! מעק אויס דאָס בלעטל פון דיין לעבן.
ניטאָ פון אים צוויי טעג קיין שום ידיעה.
גאָר פון אָנהייב איז ער ביי זיין מוטערס
קבר אומגעוואַנדערט, נאָר די שומרים
האָבן אים פאַרטריבן פון בית עלמין.
נאָכדעם האָט מען אים געזעען ביי
דער שוועסטער זיינער, ביי רחל ספינאָזאַ,
וואו ער לערנט מיט איר אינגל ברוך
גריכיש. און אַזוי פאַריאָגט, אין הרם
און פאַרשאָלטן, וואַלגערט ער זיך אום
און, ווי אַ חכם, מוז ער גוט פארשטיין
ווי טיף ער איז געפאלן דורך נקמה.

### יהודית

דורך נקמה? וואָלט איך די נקמה
זיינע זען מיט מיינע אויגן שוין!
נקמה וויל איך זען פון זיך אליין

און בעט איר בײַ דעם צופֿאַל, בײַ מײַן מזל
בײַ דעם הימל, בײַ דעם גיהנום.
פֿון מענשן, וואָס מען ליבט, איז זיס אפֿילו
די נקמה זײַנע אויך.

סילוואַ

פֿאַרוואָס

זאָל ער פֿון דיר נקמה נעמען? — זאָג מיר
פֿאַר יוחאי׳ס גאווה מיט זײַן רײַכקייט,
פֿאַר דײַן קרבן, וואָס דו ברענגסט דעם פֿאָטער?
פֿאַר די יאָמער־טעג, די דרײַ, בעת
אין דיר האָט זיך געראַנגלט חוב און האַרץ?
איך האָב דיך ווידער ליב דערפֿאַר, וואָס דו
האָסט אָפּגעטאָן פֿון רײנעם האַרצן, קינד.
דעם פֿאָטער העלפֿן איז דײַן חוב געווען,
און איך דערקען אין דיר מײַן שוועסטער׳ס קינד.

יהודית

דע־סילוואַ, זאָגט מיר: ווי האָט אויסגעזען
מײַן פֿאָטער נאָך דער מוטער׳ס טויט?

סילוואַ

פֿאַרגעס,

מײַן קינד, ס׳איז לאַנג צוריבער שוין.

יהודית

דערציילט —

ווי האָט דער מוטער׳ס טויט אויף אים געווירקט?

סילוואַ

אינעז דע־סילוואַ... זי... דײַן מוטער... אָ!
אין גאָרטן שטייט דאָ איר מצבה. מאַרמאָר
האָט דעם קומער פֿעסט אין זיך פֿאַרשטיינערט.

### יהודית

זאָגט מיר נאָך איין זאַך: מײַן ברודער פּרץ,
דער, וואָס איז געשטאָרבן, בעת איך בין
אַ קינד געווען...

### סילווא

גענוג! וואָס רעדסטו רק
פון דעם, וואָס איז אַוועק? וואָס ער געווען איז
פאַרן פאָטער, שטייט פאַרשריבן דאָרטן
אויף די שלאַנקע זײַלן.

### יהודית

זײַט געזונט,
דע-סילוואַ!

### סילווא

וואָס איז דיר יהודית? ביסט בלאַס
און אָטעמסט שווער! ברענגט וואַסער, וואַסער ברענגט!
מײַן ליבער גאָט! וואָס איז אַזוינס, יהודית?

### יהודית

פאַרבײַ שוין.

### סילווא

לייג די חופה אָפּ! דו וועסט
אָן כּוחות בלײַבן.

אַ משרת ברענגט אַ כּוס מיט וואַסער אויף אַ זילבערנעם טאַץ

שטעלט אַוועק אַהין.

די קוקט לאַנג אויפ'ן משרת, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט דאָס וואַסער און איז אַרויס

די האַנט, דע-סילוואַ — פירט מיך צו דער חופּה.

# דריטער אויפטריט

**אוריאל** קומט אָן, באַגלייט פֿון **ברוך ספּינאָזאַ**, װעלכער טראָגט
אין דער האַנט עטליכע בלומען

## ברוך

שױן לאַנג בין איך מיט אײַך, מײַן ליבער אָנקל,
אינ'ם שיינעם גאָרטן ניט געװען!
ס'װײַזט אויס, אַז דאָ איז הײַנט אַ גרױסע שמחה.

ער לאָזט אוריאל'ן פֿאַר זיך אַליין

## אוריאל

זי אין חופּה=קלייד! פֿון רב, װאָס'ט מיך
געפֿלוכט, װעט זי זיך איצטער לאָזן בענשן.
איך װאָלט צוגיין גענטער, כ'װאָלט די חופּה
מאַכן פּסול מיט מײַן טרפֿה'ר האַנט!
איך קען צו איר נישט האָבן: זי האָט פּונקט
אַזוי געטאָן, װי איך אַליין, — נאָר ער!
כ'האָב אים אויף אַ דועל אַרויסרופֿן
געפּרובט. ער האָט מײַן הענטשקע אָפּגעשיקט
צוריק מיט פּחד און געזאָגט מיט שפּאַס
דעם סעקונדאַנט: „מיר זײַנען, ברוך השם,
קײַן פּאָרטוגאַלישע הידאלגאָס נישט".

## ברוך

מיר האָט געזאָגט די מוטער, אַז פֿון אַלע
ערטער, װאו איר װילט נישט קומען, װײַכט איר
הײַנט דעם גאָרטן מער װי אַלץ. צום סוף גאָר
זײַנען מיר אַהער אַרײַן פֿאַר'חלום'ט.

## אוריאל

נישט קײַן פּאָרטוגאַלישע הידאלגאָס
זײַנען מיר! ער איז גערעכט: מיר זײַנען

מענשען־הענדלער און פּהדנים, ברואים,
אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד און רענדלאַך.

ברוך

בעת

איר רעדט מיט זיך אַליין, ווי איצטער, דענקט איר?
לאָמיר ביידע קומען צום באַשלוס!
איר פרעגט! איך האָב, מיר דוכט זיך, וואוילע תשובות.
שמייכלענדיג
קשיות, זעט איר, פעלן מיר. מען זאָגט,
ביי אַנדערע איז פונקט פאַרקערט... ווי מיינט איר?

אוריאל

דענק נישט, קינד! שלאָף רואיג, ווי אַ בלום,
וואָס בליט אין שיינקייט אירער זאָרגלאָז, און עס
האַרט איר גאָרנישט, ווער עס האָט איר פראַכט
באַשאַפן. זאָל דיין גייסט זיך וויגן, ווי
דער ים אין זיינע טיפקייטן און בלייבן
ווי די כוואַליעס, שווימען וויט פון ברעג,
וואו ס'מוזן דיר די מענשן שטעלן קשיות —
ווער ביסטו: אַ איד, אָדער אַ קריסט?
אַ האָלענדער ביסטו? אַ פּאָרטוגאַלער?
האַלטסטו פאַר'ן קיסר? פאַר דאָס פאָלק?
דו ווילסט, אַז ס'זאָלן הערשן אַלע, אָדער
איינער? שטעלט מען דיר אַזוינע פראַגעס,
קינד, — זיי טויב צו זיי. באַהאַלט די תשובות
טיף אין ברוסט ביי זיך.

ברוך

מען גייט אַהער.

איך מאָג די בלומען ברענגען אַ מתנה
פאַר דער מוטער?

### אוריאל

וואַרף אַוועק, ספּינאָזאַ,
די פאַרוועלקטע בלומען פון דיין האַנט...
מיין קינד! אַהיים גיי צו דער מוטער.

### ברוך

נו,
און איר? עס איז שוין אָוונט באַלד.

### אוריאל

גיי, גיי,
מיין זון, און גריס זיי דאָרטן, אַלעמען.

### ברוך

איר בלייבט דאָ, אויף דער שמחה?

### אוריאל

מן הסתם! —
זאָל גאָט דיך שיצן... גיי... איך קום באַלד אויך.

### ברוך

פאַרוועלקט די בלומען... כ'לאָז זיי דאָ. איר ווייסט,
ווי איך טייל אָפּ די בלומען אויפ'ן צווייג
פון די, וואָס וועלקן? יענע זיינען נאָך
רעיונות, די — באַגריפן; דאָרטן דענקט
ד'ער בורא, דאָ באַנעמט דער מענש. אַזוי
ווי צווישן זיי דער אונטערשייד איז מער ניט
ווי דער ריח, ווי די פאַרבן, ווי
דער כח פון היות, וואָלט איך געזאָגט,
אַז גאָט איז יהוה און לעבן; אַז
אָן לעבן, אָן היות זיינען די בלומען

שוין פֿארוועלקט און זײַנען נישט קיין בלומען —
זיי פֿאַרמאָגן נאָר פֿון אַ באַגריף
דעם ווערט און קענען שוין גאַנץ רואיג שטאַרבן.

ער לאָזט ארויס די בלומען פֿון זײַן האַנט

לאַכט דאָך, פֿעטער! יעדעס מאָל, בעת
כ׳הויב אָן צו רעזאָנירן, נעמט איר שמייכלען.
הײַנט זײַנט איר אַזוי פֿאַרטראַכט! באַצײַטנס
קומט אַהיים. מיר וועלן לערנען גריכיש.

אָפּ

אוריאל

אליין

„איך קענען שוין גאַנץ רואיג שטאַרבן". ניין,
מײַן קלוגעס קינד, דער שטאַמפּ פֿון גייסט און לײַדן
ליגט שוין אויף דײַן שטערן. פֿון אַזוינע
בלומען האָב איך אָפּט געטרונקען סם —
דעם טויט, וואָס איז אַ סוף פֿון די חשבונות
און דער לעצטער חשבון פֿאַרן סוף.

נעמט ארויס זײַן פּיסטאָלעט

גוּ, יוחאי, הידאלגא, וועלכער מסחר׳ט
מיט די הערצער! ווײַז דעם וועקסל דײַנעם:
ס׳איז די צײַט!

ער צילט זיך

שטיי רואיג, נישט באַוועגט,
ווי איך, ווען דו האָסט מיך אין שטויב געטראָטן,
פֿינטל מיט די אויגן נישט, דו קרעז!
גאָך איין מאָמענט — און נאָך אַ מענש! אַהאַ!

ער לאָזט אראָפּ דעם פּיסטאָלעט

ער האָט שוין אָנגעטאָן דעם רינג: שוין שפּעט!
נקמה איז מיר שוין ניט נויטיג! דענק נישט!
קיינמאָל דענק נישט! אין חלשות פֿאַלט

דײַן האַנט, בעת דער גײסט אַפֿילו שטאַרקט זיך...
איצט בין איך שוין אַ פֿאַרוועלקטע בלום,
דעם ווערט פֿונ׳ם באַגריף פֿאַרמעג איך נאָר,
נישט מער — איך קען שוין איצט גאַנץ רויִק שטאַרבן.

ער גייט אוועק אהין, פונוואַנען ער איז געקומען

## פֿערטער אויפֿטריט

**מנשה, סילוואַ, מחותנים, נאָכדעם יהודית, יוחאי סאַנטאָס און די איבעריגע, שפּעטער אוריאל**

### יהודית

דערלויבט מיר נאָך איין אויגנבליק אַליין
צו זײַן, איך בעט אײַך: איך בין אויפֿגערעגט,
כ׳וויל צו זיך קומען. גייט אַהין פֿאָראויס.

### יוחאי

עס איז דײַן ערשטער וואונש, מײַן ווײַב: איך מוז
אַזוי טאָן, ווי דו ווילסט, הגם אָן חשק.

צו די איבעריגע

קומט, ליבע מחותנים, מיט. יהודית
האָט תמיד איינזאַמקייט געליבט און וויל
פֿון איר דעם ערשטן מזל־טובֿ דערהערן.

ער און די אנדערע פארנט רעכטס אפּ

### יהודית

זי איז איצט אַליין. זי קוקט זיך אום און שיט אַרײַן אַ פּולווער אין כּוס מיט׳ן וואַסער

דו׳ס׳ט געזאָגט, דע־סילוואַ, אַז מײַן פֿאָטער
וועט זיך טרייסטן זייער גיך. ס׳געשעט שוין.

זי טרינקט

מײַן מצבה וועט אים אויך גענוג זײַן.

### אוריאל

קומט אן

איר זײַנט עס, יהודית? כ'האָב נאָך איין מאָל
געוואָלט אַ קוק טאָן אויף יוחאי'ס פֿרוי.

### יהודית

זי'ז דאָ.

### אוריאל

אַז איך וואָלט איצט אַוועקפֿאָרן
געוואָלט, וואָלט איר מיך שוין געלאָזן? זעסט,
יהודית, פֿאַר דײַנע אויגן שטייט דײַן פֿרײַנד —
צופלאָגט, צוטראָטן און ווי אַש פֿאַרברענט...
אַ נישט! וואו איז דער שטאָלצער כּוח דײַנער,
יענע מוט פֿון ליבע, וועלכע האָט
אין מײַן פֿאַרקילטן האַרצן אָנגעצונדן
פֿלאַמען! זאָג מיר איצטער וואָס דו טראַכטסט
און וואָס מיר זאָלן ביידע ווײַטער טאָן?

### יהודית

זיי מוחל, אוריאל, וואָס איך פֿאַרגלײַך
די לײַדן אונזערע. ווי מיינסטו: ווער
פֿון אונז איז אומגליקליכער — דו צי איך?

### אוריאל

איך האָב פֿאַר פֿרויענליבע זיך געשראָקן
אַלע מאָל. עס קלינגט אין אויער נאָך
ביז איצט בײַ מיר וואָס דו האָסט יעמאָלט דאָ
דעם רב אַ זאָג געטאָן! ווי מוראדיג
עס האָט זיך אַלץ פֿאַרענדערט...

יהודית

פֿרײַנד! פֿאַרגיב מיר!

אוריאל

דיר — פֿאַרגעבן? דו האָסט גאָר זיך אַנדערש
נישט געטאָרט באַגיין. אַז איך וואָלט אַנדערש
טאָן! אַליין זיך האַסן און פֿאַראַכטן —
ס'איז אַ טיפֿער ווייטאָג!

יהודית

זע פֿון אים

דיך צו באַפֿרײַען! גיי אין גרויסער וועלט
אַוועק מיט שטאָלצער מוט און מיט אמונה
און פֿאַרשפּרייט דײַן גלויבן ווי אַ העלד.

אוריאל

שוין שפּעט! מיר קען שוין קיינער מער נישט גלויבן!
ווער עס איז פֿון רעכטן וועג אַראָפּ
פֿונאָנהייב אָן, דער מאָג פֿון שטיינער שאַפֿן
ברויט — ער וועט שוין מער נישט זײַן באַגלויבט.
די איבערצײַגונג האָט פֿאַרלאָרן דער,
וואָס האָט זיך איינמאָל אָפּגעזאָגט פֿון איר.

יהודית

דו שילסט דאָס האַרץ. דאָס שטימט נישט מיט'ן גײַסט.
נאַטור און לעבן פֿירן אונז. וואָס וואָלטן
מיר געווען, אַז אונזער לעבעדיגעס
האַרץ וואָלט פּײַן און שמערצן נישט געקענט.
פֿאַראַכטן זיך? אויף קײַן שום פֿאַל! זײַ מוטיג,
גיי פֿאָראויס צו די נצחונות פֿון דײַן
פֿרײַען פעסטן גייסט... נישט פֿאַל בײַ זיך
אַראָפּ... פֿאַרגיב... מען גייט...

אוריאל

ווי בלאָס דו ביסט?

יהודית

זײַ גליקליך, פרײַנד!

אוריאל

וואָס איז, יהודית? דײַן פארב!

יהודית

ביי... ביי... נישט קוק אויף מיר. דו וועסט פון מיר דערהערן שוין.

אוריאל

וואָס איז דאָס פאַר א בעלער...

יהודית! ווי זאָל איך דאָס פאַרשטיין!

## לעצטער אויפטריט

מנשה, סילווא, א טייל מחותנים קערן זיך אום צוריק, נאָכדעם יוחאי, סאַנטאָס און נאָך מחותנים, די פריערדיגע

מנשה

מײַן טאָכטער! וואו ביסטו?

סילווא

אַ קאָסטאַ — דאָ!

אוריאל

דע=סילווא, גיט אַ קוק אַהער!

מנשה

מײַן קינד,

וואָס טוט זיך דאָ מיט דיר? דו פילסט זיך...

### יהודית

לײַכט,

מײַן פֿאָטער, לײַכט.

### מנשה

גערעכטער גאָט אין הימל,

וואָס איז דאָ געשען? דו ביסט דאָך קאַלט!

### סילווא

ווי אײַער מאַרמאָר!.. אָרימער גביר!

דײַן קינד —

### מנשה

גייט אוים!

### אוריאל

פֿאר זיך

דער סם פֿון די פֿאַרוועלקטע

בלומען מײַנע!

**יוחאי** קומט אַרײַן בּאַגלײט פֿון **סאַנטאָס** און נאָך **מחותּנים**

זע, יוחאי, דו התן,

האָס'ט מיט וועקסלען אָפּגעקױפֿט אַ האַרץ

און איז געבליבן אָפּגענאַרט בײַם צאָלן...

קום, באַליידיק מיך בײַ דעם מזבח

מיט דײַן פֿוס אַ צווייטן מאָל, ווי דאָרטן...

לאָזט זיך אַראָפּ בײַ יהודית'ס פֿיס

### יוחאי

דערשלאָגן. פֿאַר זיך

צו דער חופּה מיט אַ מת.

### מנשה

דע=סילוואַ,

ראַטעוועט!

סילווא

שוין שפעט! מײַן קונסט איז אויס!

יהודית

דו זעסט, אַקאָסטא, דו'סט געמיינט, אַז מײַן
נשמה, וועלכע דו האָסט צאַרט אַנטוויקלט,
ווייס נישט, וואָס עס קומט פון איר — דער ליבע?
כ'האָב מײַן פאָטערס גליק פאַרזיכערט, אָבער
נאָר אַזוי...

זי נעמט אראָפּ דעם קראַנץ פון זיך

אַן אַנדער וועלט האָב איך
פאַר זיך געזען אין חלום... האָפענונגען
זיסער, ווי דאָס לעבן. אַ קורצער פרילינג
נאָר האָט מיר אַ בליִ געטאָן — נישט מער...
איין בלום געשפּראָצט, און ס'איז געווען אַזוי
נישט לאַנג, און שיין, און צאַרט, אַז איצט אַפילו,
פאַר'ן טויט בין איך דערפון באַצויבערט.
פאָטער... זײַ געזונט... פאַרגיב דעם קרבן
פון דער ליבע, וואָס איז שטאַרקער, ווי
אַ קינד'ס געפיל... און דו, מײַן איינציגער,

זי גיט אקאָסטאַ'ן איר קראַנץ

נעם צו דעם קראַנץ... ס'געהערט נאָר דיר אַליין.

זי שפּאַרט זיך אָן און שטאַרבט

אוריאל

דריקט וויינענדיג דעם קראַנץ צו זײַנע ליפּן, לייגט אים אויף יהודית'ן און האַנט זײַן הויבט זיך אויף

מנשה! איר האָט האָלט מצבות... זײַלן,
סאַרקאָפאַגן און אַ וויסטן טרייסט
וועט אײַך אַ קינסטלער'ס האַנט פאַרשאַפן, בעת

איר וועט דאָס טײַער קינד אין טרויערווײַרן
צו דער קבורה ברענגען. כ'בעט אײַך: לאָזט מיר
בלײַבן אײביג נעבן איר... איך קען
פֿאַר זיך קײַן קבר נישט געפֿינען ערגעץ —
נישט בײַ קריסטן, נישט בײַ אידן. כ'בין
פֿון די, וואָס שטאַרבן אויפֿ'ן מיטן וועג.
און אפשר ווען עס איז וועט עמיצער
געפֿינען מײַן פֿאַרוואָרפֿענע מצבה
און וועט זאָגן: „דאָ אין קבר רוט
די אַש פֿון אײנעם, וועלכער האָט געוואַנדערט
אין געזוכט, צופֿלאָגט און מיד, דאָס לאַנד
פֿון אמת... אָבער — נישט געפֿונען. מער ניט'ס
פֿאַר'ן טויט האָט ער געזען אַ שטראַל
פֿון שײנעם הימל: ס'איז געווען די ליבע".

וואָס אויף יהודית'ן

זעט וואָס ליבע קען! און איצטער טרעט
איך אָפּ פֿאַר אײַך די וועלט פֿון טעות, ספֿקות,
פֿון שגעונות און אַכזריות — שלײַדערט
שטײנער אויף די הערצער, וועלכע קערן
זיך, ווי איך, צו גאָט'ס געשטאַלט און וואַגן
אָן דעם הסכם פֿון רבנים גלויבן,
אַז זיי מאָגן אים אין פּנים קוקן —
מײַן שטײן קען איך ווײַטער שוין נישט טראָגן!
אַ צײַט וועט זײַן די זון וועט רײַכער לויכטן...
ניט העברעאיש, גריכיש און לאַטײַניש —
נײן: די שפּראַך פֿון גײסט און אמת וועט מען
רײדן — דאַמאָלסט וועט מען זאָגן: ענג
איז נאָך געווען די וועלט פֿאַר זײַנע וועגן,
פֿויל געווען די לופֿט פֿאַר זײַנע פֿלאַמען,
און ער האָט געמוזט אוועק דערפֿאַר,

וואָס ער האָט בלײַבן מער שוין נישט געטאָרט.
איר האָט געזיגט... זעט: דאָרטן איז דאָס אָרט,
די פאָן פון דעם נצחון אײַך צו שאַפן —
מנשה, יענע טרויערווײדן מײן איך.
דו, מײַן געניוס, גײ נאָך. איר אַלע
בלײַבט... פונוויַטן וועט איר זען דאָס אָרט
פון דעם נצחון — אײַך, און מיר — מנוחה,

ער גײט צוועק, באַגלײט פון די דערשטוינטע בליקן אַרום. באַלד דערהערט זיך
א שאָס

## סאַנטאָס

די אמונה האָט געוואונען... צווײ
רבנות...

## סילווא

שטילער, סאַנטאָס, נישט פאַרשטערט
די שוידערהאַפטע שײנקײט פון דער שעה
צוויי עדות פון אמונה, וואָס'ט די וועלט
פאַראַכט! נישט משפט זײ... מיר מוזן שטומען,
וואָרום זײ דערהרג'ט האָבן מיר.
רופט אויס: געדולד, רחמנות, ליבע... וואָס איז
די אמונה שלמה? עס פאַרלירן
זײער גלאַנץ די אַלטע קדושות, רבי,
גלויבט אין וואָס איר ווילט, נאָר ערנסט, ריין.
ניט וואָס מיר גלויבן שײַנט, דע=סאַנטאָס, — ניין,
נאָר וו? מיר גלויבן, דאָס איז אונזער ווערט.

די גרופע בלײַבט

דער פאָרהאַנג פאַלט



# די וויכטיגסטע דרוק־פֿעלערן

(וואָס שטערן דעם ריטמוס אָדער דעם זין)

| זײַט | שורה | שטייט | דאַרף זײַן |
|---|---|---|---|
| **I אַקט** | | | |
| 17 | 9 (פֿון אונטן) | די בלום | דאָס בלומל? |
| 25 | 6, 7 " | אוריאל אַפּ אין דרויסן. | אַפּ אין דרויסן. אוריאל |
| **II אַקט** | | | |
| 36 | 15 (פֿון אויבן) | צערנדל | דערנדל |
| 46 | 1 (פֿון אונטן) | זײַנענדיג | זינגענדיג |
| 51 | 9 (פֿון אויבן) | און | אין |
| **III אַקט** | | | |
| 55 | 10 (פֿון אונטן) | שטייט | שטימט |
| 64 | 1 (פֿון אויבן) | . געפֿין איז, איר, | , געפֿין איך, איז |
| " | 15 " | קאָנט ס'איז | קאָנט. ס'איז |
| 69 | 7 " | חשק | חושך |
| 72 | 3 " | שווײַגן, אויב איך האָב אַ טעות. | שווײַגן. אויב איך האָב אַ טעות, |
| " | 5 (פֿון אונטן) | אסתר, אַקאָסטאַ | אסתר אַקאָסטאַ |
| 76 | 11 (פֿון אויבן) | איר | מען |
| 79 | 14 " | בקה | בקשה |
| 81 | 8 " | גלײַך צום בית המדרש | צום בית המדרש גלײַך |
| **IV אַקט** | | | |
| 86 | 7 (פֿון אויבן) | ניט ווי איין | ניט איין |
| 90 | 8 " | אַזוּ? | אַזוי |
| 92 | 12 (פֿון אונטן) | ברענגען פֿאַר דער נשמה דײַנער | פֿאַר דער נשמה דײַנער ברענגען |
| 94 | 13 (פֿון אויבן) | אפילו | אַפֿילע |
| 104 | 6 " | ביידע | בייזע |
| 107 | 14 (פֿון אונטן) | מיט אַלטע | מיט די אַלטע |

URIEL AKOSTA

TRAGEDJA W PIĘCIU AKTACH

KAROLA GUTZKOWA

PRZEKŁAD A. MOREWSKIEGO

OKŁADKA H. BERLEWIEGO

WYDAWNICTWO

B-CIA LEWIN-EPSTEIN I S-KA

WARSZAWA, GĘSIA № 5